„לאך, און די וועלט לאַכט מיט דיר“

# פריילעכקייטן

## פּערל פון הומאָר און סאַטירע

טשיקאַווע אַנעקדאָטן, שאַרפע וויצן, שפּאַסיגע רעטענישן

•

געזיפּט און געקליבן
באַאַרבייט און פאַרשריבן

— פון —

לאַזאַרוס מאָנפריד

•

פאַרלאַג: בוכפאָלק

Bookfolk Publishing Co., New York, N. Y.

# אַ וואָרט צום לייענער

## די פּאַסיגע צייט פאַר הומאָר

אויפ׳ן ערשטן בליק קען זיך אויסדאַכטן, אַז איצט איז ניט די פּאַסיגע צייט אַרויסצוגעבן אַ בוך פון פריילעכקייט. אין דער צייט, וואָס מיר אידן לעבן דורך אַזעלכע טראַגעדיעס און אונזער לאַגע בכלל איז אַזוי ערנסט אַנגעצויגן, איז ניט די ריכטיגע צייט צו שפּאַסן, לאַכן און זיך פריילעך מאַכן.

אָבער ווען מיר באַטראַכטן די צווייטע זייט פון דער מטבע, קומען מיר צו פּונקט אַ פאַרקערטן אויספיר. אין פּשוט׳ע ווערטער קען מען זאָגן, אַז עסן דאַרף מען ניט ווען מען איז זאַט נאָר ווען מען איז הונגעריג ; אַן אָפּרו דאַרף מען נעמען ניט ווען מען גייט אַרום ליידיג נאָר ווען מען איז פאַרמאַטערט. דאָס איז דער נאַטיר־ליכער געזעץ. און פּונקט אַזוי דאַרף מען זוכן טרייסט אָדער פריילעכקייט ניט ווען מען איז לוסטיג־אויפגעלייגט נאָר ווען מען איז טרויעריג־פאַרביטערט. אַ האַרציגער געלעכטער, אָדער אַפילו אַ לייכטער שמייכל, ווירקט ווי אַ באַלזאַם אויף אַנגעצויגענע נערוון און פאַרביטערטן געמיט. דאָס איז אַ בויטווענדיגקייט ניט נאָר פאַר דעם גייסטיגן נאָר אויך פאַר דעם קערפּערליכן וואוילזיין. דאָס ווייס די מעדיצינישע פּראָפעסיע און יעדער איינער וואָס האָט דורכגעלעבט אַזעלכע דערפאַרונגען.

היינע דריקט זיך אויס וועגן אַזאַ לאַגע מיט די פאָלגענדיגע שטימונגספולע ווערטער :

„און ווען דאָס האַרץ אין דעם קערפּער איז צעריסן, צעריסן און פאַרבלוטיגט און צעבראָכן, האָבן מיר נאָך אַלץ דעם פּרעכטיג דורכדרינגענדן געלעכטער״.

ווייסן מיר דאָך, אַז דער איד בכלל איז אַ נאַטירליכער אָפּטי־מיסט. דער איד דאַרף זיך ניט אַנשיכור׳ן צו „פאַרטרינקען״ זיינע צרות, נאָר זיין איינגעבאָרענער אינסטינקטיווער אָפּטימיזם טוט עס פאַר אים. אָט־דער אָפּטימיזם האָט אים, דעם אידישן פאָלק, דערהאַלטן ביים לעבן דורך די טויזנטער יאָרן פון זיין עקזיסטענץ,

און מיט אַן אינערליכן שמייכל, אָפטמאָל מיט ביטול, איז ער דורכגעגאַנגען אַלע געפאַרן און אומגליקן.

לויט דעם אידישן דין איז אַ מצוה צו זיין פריילעך (דער חסידיזם איז געבויט אויף דערדאָזיגער פילאָזאָפיע), און ניט אומזיסט האָבן אונזערע תלמידי חכמים געזאָגט: „אין רוח הקודש שרה אלא על לב שמח" (מ׳ב, ג׳) — דער הייליגער גייסט (פון גאָט) רוט נאָר אויף אַ פרייליך האַרץ.

די איצטיגע וועלט־מלחמה האָט געשאַפן דעם בעסטן באַוויז וועגן דער נויטיגקייט פון האָבן פרייליכקייט אין אַ צייט פון גייסטיגער געדריקטקייט, ווי זאָרג, שרעק, אָדער פאַרצווייפלונג: די רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזן אַן אַפּיעל צו דער באַפעלקערונג, אַז די בריוו וועלכע מען שרייבט צו זעלנער אָדער מאַטראָזן, סאַי אין לאַנד און סאַי איבער די ימים, זאָלן זיין פרייליכע. אויך די ליטעראַטור וואָס מען שיקט זיי זאָל זיין, ווי ווייט מעגליך, פון אַ לוסטיגן אינהאַלט, ווייל פרייליכקייט שאַפט מוט, האַלט־אויף די „מאָראַל", און קרעפטיגט דעם ווידערשטאַנד צו אַלע ליידן און שווערינקייטן, וואָס אַ מענש מאַכט־דורך אין זיין לעבן.

און ווער נויטיגט זיך אין אַזאַ „רעצעפּט" נאָך מער ווי דער איד, סאַי אַלס יחיד און סאַי אַלס פאָלק?

דערביי וויל איך צוגעבן, אַז אויב אָט־די „פרייליכקייטן" וועלן גרייכן אונזערע זין אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אָדער נייווי, און מאַכן אויף זיי די געווינשטע ווירקונג, ווי עס איז צו האָפן, וועט דאָס זיין ביי מיר אַ גאָר הויכע באַלוינונג און ספּעציעלע באַפרידיגונג.

## דער כח און ווערט פון אַ וויץ

עס זיינען פאַראַן מענשן וועלכע זיינען שטענדיג ערנסט. אין זייער געשעפט ווי אין זייער פּריוואַטער געזעלשאַפט, אין זייער פאַמיליען־לעבן ווי אין זייערע באַציאונגען צו מענשן בכלל, זיינען זיי שטענדיג טויט־ערנסט און מען זעט קיינמאָל ניט קיין שמייכל אויף זייער פנים. עס איז אָבער שווער צו געפינען אַ מענשן — אַפילו צווישן די־דאָזיגע טויט־ערנסטע — וועלכער זאָל ניט ליבהאָבן קיין גוטן וויץ אָדער אַ הנאה האָבן פון אַ קלוגן שפּאַס. מיט

אַ צוגעפּאַסטן גוטן וויץ קען מען אָפּטמאָל גרייכן צו אימיצנ׳ס האַרצן פיל שנעלער ווי מיט לאָגישע אַרגומענטן און דיפּלאָמאַטישער טאַקטיק.

עס זיינען אויך פאַראַן מענשן וועלכע זיינען געבענשט מיט אַ ווייך־סימפּאַטישן אויסדרוק אויף זייער פּנים און זיינען שטענדיג גרייט צו רעאַגירן מיט אַ שמייכל דאָרט וואו עס בעט זיך. זיי שעצן אַ קלוגן וויץ און האָבן אַ הנאה פון אַ גוטן אַנעקדאָט, אָבער האָבן ניט די פעאיגקייט צו געדיינקען און איבערדערציילן דאָס, וואָס זיי האָבן געהערט פון אַנדערע.

פאַר אַזעלכע מענשן, דיינק איך, וועט דאָס בוך „פרייליכקייטן" זיין אַן אמת׳ער קוואַל פון פרייליכן מאַטעריאַל, פאַרשריבן „שוואַרץ אויף ווייס", וואָס זיי וועלן קענען איינוואָרצלען אין זייער זכרון פאַר זייער אייגענעם געברויך.

עס זיינען אָבער אויך פאַראַן מענשן וועלכע זיינען, ליידער, טעמפּ צו אַ וויץ. זיי מעגן באַזיצן גוטע פעאיגקייטן אויף אַנדערע געביטן און אַפילו אַ טיפע פאַרשטענדיגונג פאַר אַנדערע זאַכן, אָבער עס פעלט זיי דער שפּילעוודיגער שאַרפזין צו דערטאַפּן אַ וויץ. וועגן אַזעלכע מענשן דערציילט מען זיך אַן פאַרשידענע וויצן, און עס איז באמת אַ רחמנות אויף זיי.

אפשר וועלן אַזעלכע מענשן אויך געפינען אַ שטיקל ישועה אין די זייטן פון דעם בוך. דאָרט וואו זיי וועלן ניט קענען אַנטאַפּן דעם דופק פון אַ וויץ אָדער אַנעקדאָט, וועלן זיי אים מסתמא זוכן אַזוי ווייט און אַזוי ברייט ביז זיי וועלן אים דערטאַפּן... דאָס וועט אומבאַדינגט אַנטוויקלען זייער חוש פאַר הומאָר, פּונקט ווי אַן אַטראָפירטער גליד פון קערפּער קען אָפּט געבראַכט ווערן צו באַוועגונג און טעטיגקייט דורך פּראַקטישער איבונג.

מיט מער זיכערקייט און דערמוטיגונג קען איך ריידן וועגן אונזערע פּראָפעסיאָנעלע, אַמאַטאָרישע, און סתם אינטעליגענטע פּערזאָנען, וועלכע מאַכן זיך באַליבט ביים עולם דורך זייערע פאָר־לעזונגען, פאַרטראָגן פון הומאָר און שפּאַסיגער אונטערהאַלטונג. פאַר זיי, האָף איך, וועט דאָס בוך „פרייליכקייטן" באמת זיין אַ וויכטיגער קוואַל פון וועלכן זיי וועלן קענען שעפּן גענוג פרייליכקייט פאַר זיך און פאַר זייער פּובליקום.

רעדנער, פאַרזיצער, און אַלע אַנדערע וועלכע אַדרעסירן אָדער אַמוזירן אַן עולם, וועלן דאָ אויך שטענדיק געפינען אַ פּאַסיקן וויץ, אַנעקדאָט אָדער גלייכווערטל, צו באַשיינען זייער וואָרט.

## אַ וואָרט וועגן דעם אינהאַלט

וויצן ווערן ניט געבאָרן אַלע טאָג. קיינער זעצט זיך ניט אַוועק שרייבן וויצן פון קאָפּ. די מערסטע וויצן געהערן דעם פאָלק און גייען אַרום צווישן עולם אָפטמאָל אין פאַרשידענע וואַריאַנטן אָדער נוסחאות. עס זיינען אָבער, פאַרשטייט זיך, פאַראַן וויצן און וויצן. קלוגע, שאַרפזיניגע און גייסטרייכע וויצן, וועלכע זיינען אַ דער־פרישונג צו וועמען זיי גרייכן, און אויך פלאַכע, געמאַטערטע, אָפטמאָל נאַרישע וויצן, וועלכע נודענען און לאָזן איבער אַ שלעכטן נאָך־טעם ביים צוהערער אָדער לייענער. פאַרשטייט זיך, אַז וויבאַלד איך האָב געהאַט די פולע ברירה פון אויסוואַל האָב איך אויס־דערוויילט — לויט מיין אורטייל און געשמאַק — די סאַמע בעסטע וויצן אין זייערע פאַרשידענע פאָרמען.

און ניט נאָר מיט דער קוואַליטעט פון וויץ האָב איך זיך גערעכנט נאָר אויך מיט זיין עלטער. אַלטע וויצן אָדער אַנעקדאָטן וועלכע זיינען מערסטנס באַקאַנט צום עולם און „האָבן שוין בערד" האָב איך איינגאַנצן באַזייטיגט. דערפאַר קען איך באַהויפּטן, אַז די וויצן, אַנעקדאָטן, און שפּאַסיגע רעטענישן אין דעם בוך זיינען ניט נאָר אינטערעסאַנט נאָר אויך ניי, כאָטש ניט אַלע זיינען „ערשט פון נאָדל אַרויס".

איך מוז אָבער דאָ באַהויפּטן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון די וויצן, אַנעקדאָטן און רעטענישן, וועלכע זיינען דורכגעמישט אין דעם בוך, זיינען קיינמאָל פון קיינעם ניט געהערט אָדער געזען געוואָרן, ווייל זיי זיינען די פּרוכט פון מיין אייגענער פאַנטאַזיע... איך ווייס ניט צי דאָס איז אַ מעלה אָדער אַ חסרון — אָבער עס איז אַ פאַקט לכל הדעות.

אויך די אויסדערוויילטע וויצן, אַנעקדאָטן און רעטענישן, וועלכע איך האָב אין פאַרלויף פון יאָרן געהערט אָדער ערגעץ געזען, האָב איך דאָ ניט אַריינגענומען „ווי זיי שטייען און גייען". איך האָב, ווי ווייט מעגליך, באַזייטיגט זייער פּסולת, איבערגעמאַכט זייער

סטרוקטור וואו עס איז נויטיג געווען, צוגעפּוצט, צוגעשאַרפט, און סערווירט מיט די בעסטע כוונות.

די לעזער פון „אידישן פאַמיליען־זשורנאַל", וועלכן איך רעדאַקטיר, וועלן אין דעם בוך געפינען איבערגעדרוקט אַ רעכטן טייל פון די בעסטע אַנעקדאָטן און וויצן, וועלכע איך האָב געדרוקט אין דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג פון זשורנאַל.

דער אינהאַלט איז דאָ פאַרשידנאַרטיג. די טעמען און כאַראַקטעריסטיק פון דעם הומאָר זיינען סאַי עכט אידישע און סאַי אַלגעמיין וועלטליכע. כדי צו מאַכן דעם אינהאַלט מער אינטערעסאַנט פאַר דעם לייענער האָב איך די אַנעקדאָטן און וויצן אַזוי איינגעטיילט, אַז זיי זאָלן זיין גאַנץ פאַרשידן איינע פון די אַנדערע.

וועגן דער שפּראַך וויל איך דאָ זאָגן, אַז כאָטש אַנגליציזמען דאַרפן בכלל אויסגעמיידט ווערן, איז אָבער אוממעגליך אינגאַנצן צו באַזייטיגן געוויסע ענגלישע טערמינען אין דעם אַמעריקאַנער אידיש ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ וויץ פון אַמעריקאַנער לעבן. אין געוויסע פאַלן וואָלט דער וויץ פאַרלאָרן זיין טעם, אָדער וואָלט אינגאַנצן קיין וויץ ניט געווען, ווען מען זאָל אים באַרויבן פון די ענגלישע ווערטער וועלכע האָבן זיך איינגעבירגערט אין דער אַמעריקאַנער אידישער שפּראַך.

אַלע ענגלישע ווערטער וועלכע ווערן געברויכט אין דעם בוך, און וועלכע זיינען אומפאַרשטענדליך פאַר דעם אויסלענדישן אידישן לייענער, האָב איך אָבער פאַרטייטשט אין ריינעם אידיש, אַראַנזשירט אין אַלפאַבעטישער אָרדענונג און געדרוקט אויף די לעצטע זייטן פון בוך.

צום סוף וויל איך דאָ מגלה־זיין אַ שטיקל סוד, בתנאי אַז איר וועט עס קיינעם ניט אויסזאָגן:

אַזוי שנעל ווי דאָס בוך „פ ר י י ל י כ ק י י ט ן" וועט זיך אַרויסווייזן צו זיין אַ דערפאָלג, וועל איך לאָזן דרוקן מיין צווייט בוך פון אַן ענליכן (אָדער נאָך אינטערעסאַנטערן) אינהאַלט, אונטער דעם נאָמען „עס איז צום לאַכן" — (דאָס איז ניט קיין וויץ).

לעאָפּאָלד מאַנדעלבוים

# ניט גע׳דאגה׳ט

(איינלייטונג צו „פרייליכקייטן“)

ניט גע׳דאגה׳ט, ניט געזאָרגט,
ניט פאַרצווייפל, ליבער פריינט,
וואָס דיין הימל איז פאַרשטעלט
מיט אַ שווערן וואָלקן היינט.

וואָלקנס טראָגן זיך אַרום,
שטייען קיינמאָל אויף איין אָרט;
קומען וועט אַ נייער ווינט
און פאַרטרייבן אים פון דאָרט.

•

ניט גע׳דאגה׳ט, ליבער פריינט,
וואָס דיין שיקזאַל איז דיר שווער,
און עס ציטערט און עס גליט
אין די אויגן דיר אַ טרער.

ס׳איז דער שיקזאַל אייביג בלינד,
בלאָנדזשעט ער פון טיר צו טיר;
היינט איז יענעם וואויל און גוט,
מאָרגן וועט דאָס זיין ביי דיר.

•

ניט פאַרצווייפל, ליבער פריינט,
וואָס דו ביזט אַזוי געקוועלט,
און דיר דאַכט זיך אַז דיר איז
ערגער פון דער גאַנצער וועלט.

קוק אַרונטער, ליבער פריינט,
וועסטו זען אַ וועלט מיט פיין,
דאַמאָלסט וועסטו טרייסטן זיך,
אַז עס קען נאָך ערגער זיין...

ל. מ—ד

# חכמה און קאַמיזם

(אַ באַזונדערע גרופּע, גאַראַנטירט אָריגינאַל)

## צווישן קלוגע מענשן

דער פאַרשטאָרבענער ר׳ לייב מאָנפריד, עה״ש (פאָטער פון לאַזאַרוס מאָנפריד), איז אין זיינע אינגערע יאָרן געווען דער בוכהאַלטער פון קעלמער הויף. דער פריץ פון הויף, פאַן גרוזשעווסקי, פלעגט אָפט ליב האָבן צו וויצלען זיך מיט זיין קלוגן און געלערנטן בוכהאַלטער.

איינמאָל האָט דער פריץ מיט דער פריצ׳טע גענומען אַ שפּאַציר־רייזע און אויך איינגעלאַדן ה׳ מאָנפריד׳ן מיטצופאָרן. אַזוי ווי די קאַרעטע איז געווען אַ קליינע איז ה׳ מאָנפריד׳ן אויסגעקומען צו זיצן פון פאָרענט, צוזאַמען מיט דעם קוטשער (אָנטרייבער).

אַריינפאָרנדיג צוריק אין שטאָט אַריין נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר איבער די פעלדער און וועלדער פון דער גרויסער „אימעניע", קערט זיך ה׳ מאָנפריד אום צום פריץ און זאָגט: „איר זעט, איך בין אָנגעקומען אין שטאָדט פריער פאַר אייך"... (ווייל ער איז געזעסן פון פאָרענט).

דער פריץ האָט זיך צולאַכט און געזאָגט: „געוויס, דאָס פערד קומט אַלעמאָל אַריין פריער פון דעם מענשן"...

האָט ה׳ מאָנפריד אויף דעם מאָמענטאַל געענטפערט: „נו יאָ, אָבער דער קאָפּ קומט דאָך אַלעמאָל אַריין פריער פון דעם עק"...

## אַלץ הייסט אידיש

די צוויי סאָוועטיש־אידישע דעלעגאַטן, פּראָפעסאָר שלמה מיכאָעלס און דער לייטענאַנט־פּאָלקאָווניק, דיכטער איציק פעפער, האָבן באַזוכט דיטראָיט. אויף דעם קבלת־פנים וואָס מען האָט זיי דאָרט געגעבן איז אויך געווען איינגעלאַדן דער פאָרטרעטער פון אַ געוויסער יוניאָן, וועלכער איז פאַר די סאָוועטיש־אידישע געסט פאָרגעשטעלט געוואָרן.

— וואָס פאַר אַ יוניאָן איז אייערע? — פרעגט אים פּראָפעסאָר מיכאָעלס.

— די קאַרפּענטער יוניאָן — ענטפערט אים דער פּאַרטרעטער.

— וואָס מיינט „קאַרפּענטער״? — פרעגט אים פּראָפ. מיכאָעלס.

— אַ קאַרפּענטער איז אַן אַרבייטער וואָס מאַכט פאַרניטשור.

— און וואָס איז „פאַרניטשור״? — פרעגט אים ווייטער פּראָפ. מיכאָעלס.

— פאַרניטשור איז אַ טייבל, אַ טשער, אַ בענטש, אַ בוק־קייס, און אַז. וו.

פּראָפ. מיכאָעלס האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, אָבער ער האָט דעם יוניאָן פּאַרטרעטער מער ניט געוואָלט מטריח זיין מיט ווייטערע פראַגן.

(לויט ב. צ. גאָלדבערג׳ס קאָלום אין „טאָג״)

## אַ דרוקפעלער טראַגעדיע

שרייבער ווערן צוגעוואוינט צו דרוקפעלער און זיי ווערן מער ניט דערשיטערט ווען זיי דערזעען אַ דרוקפעלער אין זייערס אַ ליד אָדער אַרטיקל. אָבער דער באַוואוסטער שריפטשטעלער און דיכ־טער, א. אַלמי (א. ח. שעפּס), האָט דורך אַ דרוקפעלער פאַרלאָרן אַ געליבטע — און דאָס איז שוין ניט קיין שפּילכעלע!

ווען אַלמי איז נאָך געווען אַן אָנפאַנגער, אין עלטער פון 15־16 יאָר, האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ שיינער אידישער מיידל, אין זיינע יאָרן. כדי ביי איר שטאַרק אויסצונעמען האָט ער אָנגע־שריבן אַ ליד און צוגעשטעלט אַ שורה פון ווידמונג מיט איר נאָמען. דאָס ליד האָט ער מיט גרויס באַגייסטערונג אַוועקגעטראָגן צום זשורנאַל, וואָס איז דאַן דערשינען, און מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ האָט ער געוואַרט אויף דעם נומער מיט זיין ליד וואָס וועט מאַכן דעם שטאַרקן רושם אויף זיין געליבטער.

ווען דער זשורנאַל איז דערשינען איז דער יונגער דיכטער שיער ניט געפאַלן אין חלשות. דאָס ליד האָט זיך געדאַרפט אָנפאַנ־גען מיט דער שורה, „דו האָסט געצערטלט מיינע רויזן״, אָבער געדרוקט איז געווען: „דו האָסט געצערטלט מיינע הויזן״.

דאָס נאַאיווע מיידל איז זיכער געווען, אַז דער יונגער דיכטער

האָט טאַקע אַזוי געשריבן. אַ שטאַרק באַליידיגטע האָט זי אים געלאָזט וויסן, אַז זי וויל אים מער ניט אָנקוקן, און אויב זי וועט אים ווען־עס־איז יאָ טרעפן וועט זי אים אויספּאַטשן.

## היטלער'ן דאַרף מען ניט שילטן

דער באַוואוסטער שריפטשטעלער און זשורנאַליסט ה' גרשם באַדער, איז געזעסן ביי אַ טיש אין אַ רעסטאָראַן מיט נאָך עטליכע פריינט און מען האָט געשמועסט וועגן דער היטלער־געפאַר. האָט יעדערער היטלער'ן מכבד געווען מיט אַ באַזונדערער קללה. אָבער ווען עס איז געקומען צו ה' באַדער'ן, זאָגט ער: פע, עס פּאַסט ניט צו שילטן. איך וועל בעסער זאָגן, אַז דאָס, וואָס איך ווינש היטלער'ן, זאָל עס מיר אַליין אָנקומען צוויי מאָל אַזוי פיל...

— ווי קומט עס? — האָבן זיך אַלע פאַרוואונדערט.

— גאַנץ איינפאַך — ענטפערט ה' באַדער, — איך ווינש היטלער'ן, אַז ער זאָל גיין אויף איין פוס — און זיך ווינש איך צו גיין אויף צוויי פיס; היטלער זאָל זען אויף איין אויג — און איך אויף צוויי אויגן; היטלער זאָל קענען באַוועגן בלויז איין האַנט — און איך ביידע... אָבער שילטן? פע, ס'פּאַסט ניט.

## אַ וויץ וועגן בערד

הערמאַן גאָלד, דער באַקאַנטער זאַמלער פון ליטעראַרישע ביכער־אַנטיקן, אין ניו יאָרק, וועלכער איז אויך פּאָפּולאַר אין ליטעראַרישע קרייזן צוזאַמען מיט זיין פּראָמינענטער באָרד, האָט אַמאָל געהאַט אַ שטיקל ויכוח מיט דעם פאַרשטאָרבענעם דר. ס. ניימאַן, וועלכער האָט אויך געטראָגן אַ באָרד. דער ויכוח איז געווען וועגן אַן ענין פון עדיוקיישאָן (דערציאונג). זאָגט גאָלד:

הערט זיך איין, מיין ליבער דאָקטאָר: ווען איר רעדט וועגן אַן ענין פון געזונט, דאַן זייט איר דער אויטאָריטעט, אָבער ווען עס רעדט זיך וועגן אַן ענין פון עדיוקיישאָן, דאַן מעגט איר זיך פאַרלאָזן אויף מיר... איר זעט דאָך: איר האָט אַ באָרד און איך האָב אַ באָרד. איז דער אונטערשייד, וואָס אייער באָרד איז אַ „באָרד אָוו העלטה" און מיין באָרד איז אַ „באָרד אָוו עדיוקיישאָן"...

## אַ קאָנקורענט׳ס עצה

אין העקסעלמאַנ׳ס באַוואוסטן רעסטאָראַן, אין וואַרשא (נאַ־לעווקי 15), איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ איד און אָפּגעגעסן אַ גוטן מאָלצייט. ווען ס׳איז געקומען צו באַצאָלן האָט ער זיך „ארומגעזוכט״, אַז ער האָט קיין געלט ניט. העקסעלמאַן אַליין האָט מיט אים אַ סך אַריינגעטענה׳ט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן — ער האָט ניט.

— הערט זיך איין, רב איד — זאָגט העקסעלמאַן, — איך זע דאָך, אַז איך בין אַריינגעפאַלן, און איך לאָז אייך אָפּ. אָבער איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז מאָרגן וועט איר קומען דאָ קעגנאיבער, צו מיין קאָנקורענט לערער׳ס רעסטאָראַן, און דאָרטן אָפּטאָן דעם־זעלביגן שפּיצל.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — ענטפערט דער אורח, — ביי לערער׳ן בין איך שוין געווען נעכטן, און ער האָט עס מיר טאַקע געשיקט צו אייך...

## אַ גערעכטע פאַרטיילונג פון ים

דער יאַפּאַנעזישער אַמבאַסאַדאָר האָט אַמאָל געהאַט אַן אודיענץ ביי פּרעזידענט רוזוועלט, און דיסקוטירנדיג וועגן אָנהאַלטן דעם שלום צווישן אַמעריקע און יאַפּאַן האָט ער פאָרגעשלאָגן, אַז אַמעריקע און יאַפּאַן זאָלן זיך צוטיילן האַלב אויף האַלב מיט דעם פּאַסיפישן ים.

— אָלרייט — ענטפערט דער פּרעזידענט מיט זיין כאַראַקטע־ריסטישן שמייכל, — איך בין צופרידן. מיר מיט אונזערע שיפן וועלן פאַרנעמען די אויבערשטע העלפט פון ים און איר מיט אייערע שיפן וועלן פאַרנעמען די אונטערשטע העלפט...

## ווי מען האַלט אַ סוד

גענעראַל יאַן סמאַטס, דער באַוואוסטער אוהב ישראל, איז געווען דער העלד פון דער ענגליש־בורעשער קריג אין אַפריקאַ. ער האָט מיט זיין קליינער אַרמער אַרמיי געגעבן ענגלאַנד „פולווער צו שמעקן״...

נאָך דעם ווי דער שלום איז געשלאָסן געוואָרן, האָט דער

ענגלישער קאָמאַנדיר, לאָרד קיטשנער, זיך געווענדעט צו אים און געבעטן ער זאָל אים דערקלערן ווי אַזוי ער האָט מיט אַ קלײנער אַרמײ, כמעט אָן וואָפן, געקענט אויסהאַלטן דערפאָלגרייך אַזאַ שלאַכט קעגן די בריטישע מעכטיגע אַרמייען.

אויף דעם האָט גענעראַל סמאַטס זיך אַרומגעקוקט און אַ זאָג געטאָן צו אים אויפ׳ן אויער:

— קענט איר האַלטן אַ סוד ?

— יאָ, געוויס — ענטפערט לאָרד קיטשנער.

— איך אויך — ענטפערט גענעראַל סמאַטס מיט אַ שמייכל.

## אַן אומגעווינשטער „מי שברך״

אַ רוסישער גלח, אַן אַנטיסעמיט, איז שבת ביים דאַווענען אַרייַנגעקומען אין שול און פאַרלאַנגט פון רב ער זאָל מאַכן „מי שברך״ יעזוס׳ן. אויפ׳ן עולם איז אָנגעפאַלן אַ טויט־שרעק און דער רב האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווילט איר איך זאָל אים מאַכן אַ רוסישן „מי שברך״ ? ...

— געוויס אַ רוסישן — ענטפערט דער גלח, — אַט פונקט ווי איר מאַכט „מי שברך״ דעם צאַר.

— גוט — זאָגט דער רב, — קומט מיט מיר אַרויף אויף דער בימה.

אַרויפגעקומען, האָט דער רב אויפגעמישט דעם „מי שברך״ מיט דער רוסישער איבערזעצונג און אָנגעפאַנגען: „מי שברך אבותינו אברהם יצחק ויעקב״ א. אַז. ווייטער. ווען ער איז געקומען צום נאָמען, פרעגט ער דעם גלח: ווי הייסט ער ?

— יעזוס — ענטפערט דער גלח.

— און ווי האָט געהייסן זיין טאַטע ?

דער גלח איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— יאָ, ווי האָט געהייסן זיין טאַטע ?! — מאָנט דער רב שטריינג.

— זאָל זיין אָן דעם טאַטנ׳ס נאָמען — מורמעלט דער גלח.

— ניין — זאָגט דער רב, — אָן טאַטנ׳ס נאָמען קען מען ניט. איר זעט, אָט איז די תפלה פאַר׳ן צאַר, שטייט דאָ אויך ביידנס נעמען: „ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש״.

דער גלח האָט זיך פאַרלאָרן. האָט ער זיך געדרייט אַהער, אַהין, און האָט אַ פאַרשעמטער זיך אַרויסגערוקט פון שול.

## געשלאָסן באַקאַנטשאַפט

אַ פּאָר פּראָמינענטע אידן אין דייטשלאַנד זיינען אַמאָל געווען איינגעלאַדן אויף אַ באַנקעט פון אַ דייטשער געזעלשאַפט. די דייטשן, וועמען עס איז אויסגעקומען צו זיצן לעבן די אידן, האָבן געברענט ווי פייער פון פאַרדרוס, אָבער זיי האָבן פאַרביסן די ציין און געשוויגן.

האָט זיך געמאַכט, אַז אַ איד האָט אומגערן פאַרגאָסן אַ ביסל וואַסער פון זיין גלאָז און באַשפּריצט זיין אַנטיסעמיטישן שכן. דער דייטש האָט זיך אויסגעדרייט צום אידן און אויפ׳ן קול אַ זאָג געטאָן: „א י ד י א ט !״

דער איד האָט זיך העפליך פאַרנויגט און געענטפערט: „עס פרייט מיר אייך צו קענען, און מ י י ן נאָמען איז ראַבינאָוויטש״...

## אַ ריכטיגע מציאה

ווייבער האָבן גערעדט וועגן גרויסע מציאות וואָס זיי האָבן געקויפט. זאָגט איינע:

— אָט דאָס איז ביי אייך אַ באַרגיין? איך בין געווען אין קאַליפאָרניע, איר הערט, פאַרקויפט מען דאָרט פאַר צען סענט אַ גאַנצן קעסטל פלוימען!

— דאָס איז דאָך אָבער אַ ליגן — כאַפּט איר אונטער אַ צווייטע.

— אַלרייט, זאָל זיין, אַז עס איז אַ ליגן — ענטפערט זי — אָבער אַ באַרגיין איז דאָך דאָס!...

## אַט דאָס הייסט געטרייסט!

אַ חזן פּאָלט אַריין צו זיך אין הויז אַ פּאַרביטערטער, אַ פּאַר־טרויערטער, און דאָס ווייב פרעגט אים: וואָס איז דער מער? וואָס האָט פּאַסירט?

— גייענדיג פון שול נאָך מיין דאַוונען — ענטפערט ער האַלב וויינענדיג, — קומט צו מיר צו אַ איד און זאָגט: איר זייט דאָס דער חזן וואָס האָט געדאַוונט אויף פּראָבע? אַז אַך און אַז ווי צו אַזעלכע חזנים; ניט קיין עברי, ניט קיין נגינה, ניט קיין קול — אַ פינסטערער וויסטער קאַליקע. ווען איך בין דער גבאי וואַרף איך אייך אַרויס אין מיטן דאַוונען!

— ווייסיך וואָס — טרייסט אים דאָס ווייב, — מיינסט, אַז ער רעדט דאָס טאַקע פון זיין אייגענעם קאָפּ? ער האָט מסתמא געהערט די באַלעבאַטים אַזוי ריידנדיג, רעדט ער זיי נאָך...

## אַ פאַרטראַכטער פּראָפעסאָר

פון פאַרטראַכטע פּראָפעסאָרן דערציילט מען זיך אַן פּאַר־שידענע קאָמישע זאַכן.

און אַט האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך:

ווען אַ פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע האָט געהאַלטן אין מיטן לעקטשורן וועגן דעם שטערן „מאַרס”, האָט אימיצער אויסגערופן: „פּראָפעסאָר, אייער ווייב גייט צו קינד!”

דער פּראָפעסאָר האָט איבערגעריסן אינמיטן דער לעקציע, געכאַפּט אַ „טעקסי” און שנעל געפאָרן אַהיים.

אַריינקומענדיג אין זיין הויז האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אָבער קיינעם ניט געפונען. האָט ער זיך אַ ביסל פאַרטראַכט. אָבער באַלד האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף און אויסגערופן צו זיך: „וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? ווי אַזוי קען מיין ווייב גיין צו קינד, אַז איך בין דאָך נאָך גאָר אַ בחור!”...

## ווען ער העלפט

אַ קאַמיטע איז געקומען צו אַ געוויסן גביר נאָך אַ נדבה פאַר אַן אָרימער פאַמיליע. זאָגט דער גביר:

— ווי אַזוי קענט איר פאַרלאַנגען פון מיר אַ נדבה, אַז איך האָב מיינע אייגענע קרובים צו העלפן. אַן אַלטע מאַמען דאַרף מען אויסהאַלטן? אַן אָרימען ברודער דאַרף מען אַרויסהעלפן? אַ שוועס־טער, אַן אָרימע אלמנה, דאַרף מען געבן צום לעבן?

— יאָ, ענטפערט איינער פון דער קאַמיטע, — מען דאַרף טאַקע, אָבער איך האָב דאָך געהערט, אַז איר גיט זיי קיינעם קיין פעני ניט...

— אָט דאָס איז דאָך טאַקע וואָס איך וויל אייך זאָגן — זאָגט ווייטער דער גביר, — מה־דאָך אַז איך גיב ניט קיין אייגענע, וועל איך גיין געבן סתם פרעמדע מענשן?!

## אַן אַנטיסעמיט׳ס מצבה

אין אַ קליין שטעדטל אין דייטשלאַנד איז געשטאָרבן דער לאָקאַלער קאַנצלער, וועלכער איז געווען אַ פאַרברענטער אַנטי־סעמיט און האָט די דאָרטיגע ביסל אידן אַ סך צרות פאַרשאַפט. אַזוי ווי זיין אָפשטאַמונג איז געווען פון ענגלאַנד, האָט מען באַ־שלאָסן אויף זיין מצבה אַרויפצושטעלן אַן ענגלישע פראַזע אויך.

דער איינציגער אין שטעדטל וואָס האָט געקענט ענגליש איז אָבער געווען אַ אידישער דאָקטאָר. האָט מען, באין ברירה, זיך געווענדעט צו אים, און ער האָט רעקאָמענדירט דעם אויפשריפט: „ביוטי, פיוריטי, סאַקריפייס״.

נאָך דער אויפדעקונג פון דער מצבה האָבן אַלע זיך געוואונ־דערט ווי אַזוי אַ אידן זאָל איינפאַלן אַזאַ שיינער אויסדרוק פאַר דער מצבה. די אידן, ווידער, האָט די זאַך סתם פאַרדראָסן. האָט מען זיך געווענדעט צום דאָקטאָר פאַר אַ דערקלערונג.

— דער אויסדרוק — האָט דער דאָקטאָר זיי דערקלערט — איז אַן עכט אידישער: „ביוטי, פיוריטי, סאַקריפייס״, מיינט אין פשוט׳ן אידיש: אַ שיינע, ריינע כפרה...

## אַ הספד אויף אַ שרייבער

אַ אידישער שרייבער איז געשטאָרבן, און צו זיין יאָרצייט האָבן זיינע פריינט אַראַנזשירט אַ מעמאָריעל אָוונט פאַר זיין כבוד וועגן.

צווישן די רעדנער איז געווען זיינער אַן אַלטער קאָנקורענט, וועלכער האָט זיך, פונדעסטוועגן, געהאַלטן פאַר אַ פריינט פון פאַרשטאָרבענעם. האָט ער אין זיין אָפּשאַצונג פון דעם נפטר זיך צוזונגען מיט אַ טרויעריגן הספד־ניגון און אַזוי געזאָגט:

דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ מערקווירדיגע פערזענ־ליכקייט. ער איז געווען געגליכן צו שעקספּיר׳ן, צו משה רבינו׳ן, און צו גאָט אַליין: אַזוי ווי שעקספּיר האָט ניט געקענט קיין אידיש, אַזוי האָט ער קיין אידיש ניט געקענט; אַזוי ווי משה רבינו איז געווען אַ שטאַמלער, אַזוי איז ער געווען אַ שטאַמלער; און אַזוי ווי דער רבונו של עולם איז קיין מענש ניט, אַזוי איז ער קיין מענש ניט געווען״...

## אדרבה, וואָס איז יצחק?

ר׳ יצחק בערגער פון קאָוונע איז געווען אַ איד אַ גביר, אָבער אַ גרויסער קאַרגער. איינמאָל איז געקומען צו אים אַן אָרעמער וואַנדערער בעטן אַ נדבה, אָבער ר׳ יצחק האָט אים ניט געוואָלט געבן. זאָגט דער וואַנדערער צו אים אַזוי:

— הערט זיך איין, מיין פריינט, ר׳ יצחק. ווען שרה האָט געהאַט יצחק׳ן האָבן אַלע אידישע שונאים געזאָגט אַז זי האָט אים געהאַט פון אבימלכ׳ן און ניט פון אברהמ׳ען. האָט אברהם געלאָזט מאַכן אַ געוויסע מטבע, אויף איין זייט זיין אייגענעם פּנים און אויף דער צווייטער זייט יצחק׳ס פּנים, צו ווייזן דער וועלט אַז זיי זיינען ביידע ענליך איינער צום אַנדערן. די מטבעות האָט ער איבערגעגעבן צו יצחק׳ן, וועלכער האָט זיי איבעראַל פאַרשפּרייט, צו באַווייזן אַז ער איז אַ כשר קינד. אָבער ווען יצחק וויל האַלטן אַלע מטבעות פאַר זיך אַליין און קיינעם ניט געבן, וועט מען דאָך זאָגן אַז יצחק איז אַ ממזר...

# וואָס אַ איד קען!

אין אַ רוסישן וואָקזאַל (אונטער׳ן צאַר), אין דעם בופעט־זאַל פאַר ערשטע קלאַס פּאַסאַזשירן, זיינען אַריינגעקומען אַן אָפיצער מיט אַ דאַמע. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט צו געפינען אַ פּאַסיגן פּלאַץ וואו זיך צו זעצן און האָבן ניט געפונען. אַלע בעסערע פּלעצער זיינען געווען פאַרנומען. פּלוצלינג האָבן זיי דערזען ווי גאַר אויבן־אָן זיצט אַ איד מיט אַ אידישער צייטונג אין האַנט. דאָס האָט זיי פאַרדראָסן, בפרט ווען זיי האָבן דעם אידן באַטראַכט און איינגעזען, לויט זיין אַרעמען אויסזען, אַז ער איז ניט קיין פּאַסאַזשיר פון ערשטער קלאַס.

— לאָז מיר דאָ זעצן זיך — באַפעלט דער אָפיצער.

— ניין, איך דאַרף דעם פּלאַץ פאַר זיך אַליין — ענטפערט דער איד דרייסט.

— דו האָסט אָבער קיין רעכט ניט דאָ צו זיצן, ווייל דאָס איז אַ פּלאַץ בלויז פאַר פּאַסאַזשירן פון ערשטער קלאַס — זאָגט דער אָפיצער מיט כעס.

— געוויס, דערפאַר זיץ איך דאָך דאָ — ענטפערט דער איד.

— טאָ ווייז מיר דיין בילעט.

— איך האָב נאָך ניט קיין בילעט, כ׳וועל אים באַלד קויפן.

— וואוהין פאָרסטו?

— קיין מאָסקווע.

דאָ איז דעם אָפיצער איינגעפאַלן דעם אידן גוט אָנצולערנען:

— טאָ גיב מיר דאָס געלט און איך וועל דיר ברייגנען אַ בילעט — זאָגט ער מיט טריאומף אויף זיין איינפאַל.

— זייער גוט — זאָגט דער איד, און נעמט אַרויס אַ פּעקל געלט פון קעשענע — אָט האָסטו דאָס געלט.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט דער אָפיצער מיט פאַרביטערונג געבראַכט דעם אידן אַ בילעט.

— מאָלאָדיעץ — זאָגט דער איד, — דאָ האָסטו פאַר דיין גאַנג, — און שטופּט דעם אָפיצער אין האַנט־אַריין אַ קופּערנע מטבע.

## אַ גרויסע אידישע שמחה

אין אַ פּויליש שטעדטל האָט מען געפונען אַ געהרג׳עטע פרוי אַרום פּורים צייט. די אַנטיסעמיטישע העצער האָבן גלייך געמאַכט דערפון אַ בלוט־בלבול און פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אידן האָבן זי גע׳הרג׳עט צו האָבן בלוט אויף פּסח. די אידן האָבן זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם און זיינען אַרומגעגאַנגען אין גרויס שרעק.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, שבת ביים דאַווענען, איז דער שמש אַרויפגעקומען אויף דער בימה, געגעבן אַ פּאַטש אין שולחן, און פריילעך אויסגערופן: „רבותי, איך האָב אייך אָנצוזאָגן אַ גוטע בשורה: מען האָט אויסגעפונען, אַז די געהרג׳עטע פרוי איז, גאָט צו דאַנקען, געווען אַ אידישע...״

## אָט דאָס הייסט אַ טענה

איינער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער פרוי און נאָכדעם זיך אַרומגעזען אַז זי האָט אים אָפּגענאַרט, טענה׳ט זיך אויס מיט איר אַזוי:

„הער זיך איין, מיין ווייב. דאָס וואָס דו האָסט מיר געזאָגט אַז דו האָסט פינף טויזנט דאָלער און צום סוף קיין פּעני ניט געהאַט, איז פאַרפאַלן — זאָלסטו דען גיין גנב׳ענען צוליב מיר?; דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו האָסט קיין קינדער ניט און צום סוף אַריינגעבראַכט פיר פּרעסערלעך, איז אויך פאַרפאַלן — זאָלסטו דען אַרויסטרייבן דיינע קינדער צוליב מיר?; אָבער דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט אַז דו ביזט 31 יאָר און צום סוף ביזטו גאָר 46, איז בעט איך דיר, מיין טייערע, אַז דו זאָלסט כאָטש עלטער ניט ווערן...״

## אַז ס׳איז ניטאָ קיין מזל...

אַ ניו יאָרקער אידענע פאַלט אַריין צו זיך אין הויז זיך האַלטנדיג ביים קאָפּ, אַ האַלב פאַר׳חלש׳טע, און דער מאַן פרעגט איר: וואָס איז דער מער? וואָס האָט פּאַסירט?

— דו ווייסט דאָך שוין מיין צרה — ענטפערט זי קרעכצנדיג, — איך קום איצט פון מיין שוועסטער, איז מיר אויסגעקומען צו

זיצן אין טריין פאַרקערט, מיט׳ן פנים צום הינטן; איז מיר געוואָרן ניט גוט, דער קאָפּ האָט זיך מיר אָנגעצונדן, און איך האָב שיער ניט גע׳חלש׳ט.

— אַז ס׳איז געווען אַזוי שלעכט — זאָגט דער מאַן, — האָסטו דאָך געקענט בעטן אימיצן וואָס איז געזעסן אַנטקעגן דיר זיך צו בייטן מיט די פּלעצער, און דו וואָלסט שוין געזעסן מיט׳ן פנים צום פ אָ ר נ ט פון טריין.

— ס׳איז דיר לייכט צו ריידן — ענטפערט זי מיט אַ קרעכץ, — איז גראָדע אויף מיין מזל אַנטקעגן מיר קיינער ניט געזעסן...

## אַ חסיד צווישן דייטשן

אַ חסיד פון דער העכערער געזעלשאַפט אין עסטרייך איז אַמאָל איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ וויכטיגער פאַרזאַמלונג פון אַ דייטשישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אָבער אויפ׳ן פּלאַץ האָט ער באַלד אויסגעפונען, אַז מען האָט אים איינגעלאַדן כדי פון אים חוזק צו מאַכן.

ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט עפּעס צו זאָגן וועגן אַ פראַגע וואָס איז פאַרהאַנדלט געוואָרן, האָט מען גענומען פייפן פון אַלע זייטן און דער פאָרזיצער האָט אים געקיבעצט:

— איר טראָגט דאָך אַלע מאָל אַ זיידענע קאַפּאָטע, טאָ ווי קומט עס וואָס איר זייט דאָ געקומען אין אַ פראַק?

— איך פיר זיך אַלעמאָל לויט דער געזעלשאַפט — ענטפערט דער איד, — צווישן חסידים בין איך אַ חסיד, צווישן אַריסטאָקראַטן בין איך אַן אַריסטאָקראַט, א. אַז. וו.

— און וואָס זייט איר צווישן הינט?

— דאָס ווייס איך נאָך ניט, ווייל צווישן הינט בין איך איצט דאָס ערשטע מאָל...

## פּראַקטישע עקאָנאָמיע

שטייען צוויי ניו יאָרקער אידן אויף דער פירטער עוועניו ביי דער 20־טער סטריט, און דאַרפן עפּעס באַזאָרגן ערגעץ־וואו אויף דער 36־טער סטריט. זאָגט איינער:

„לאָמיר דאָ צוגיין צום קאָרנער און נעמען די באָס צו דער 36־טער סטריט“.

ענטפערט דער צווייטער:

„פאַר אַזאַ שטיקל וועג נעמען די באָס? לאָמיר צוגיין צופוס און איינשפּאָרן צו ניקלס קאַר־פער“.

זאָגט ווייטער דער ערשטער:

„אויב שוין יאָ גיין צופוס, טאָ לאָמיר גיין דורך דער פינפטער עוועניו — דאָרט קאָסט דאָך מיט'ן באָס צען סענט קאַר־פער, וועלן מיר קענען איינשפּאָרן צו צען סענט אַ שטיק...

# דער אמת'ער געווינער

צוויי יונגע אינגלעך האָבן זיך צוקריגט און עס האָט שוין געהאַלטן ביי קלעפּ. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַן אויסגע־פּוצטער עלטערער מאַן און זיי פונאַנדערגעריסן.

— וואָס איז דער מער? — פרעגט דער מאַן, — פאַרוואָס קריגט איר זיך?

— מיר האָבן זיך געוועט אין צען סענט — ענטפערט איין אינגל באַרוהיגט — אַז ווער עס וועט קענען זאָגן דעם גרעסטן ליגן דער געווינט די צען סענט.

— פאַרוואָס עפּעס זאָגן ליגן? פע, ס'איז ניט שיין צו זאָגן ליגן — מוסר'ט זיי דער מאַן, — אָט בין איך שוין אַן אַלטער מאַן און האָב אויף מיין גאַנצן לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט...

— סעם — רופט זיך אָפּ איין אינגל צום צווייטן, — דער דזשענטלמאַן געווינט די צען סענט...

# אַ פעלדשער'ס מיטל

אין אַ שטעטל איז געשטאָרבן אַ מלמד, און ס'איז געוואָרן אַ יללה ביי דער הויז־געזינט. אַ פעלדשער, וועלכער האָט גראַדע געוואוינט אין דעם צווייטן הויז, האָט דערהערט דעם קלאָג און איז

אַריינגעקומען זען וואָס דאָרט טוט זיך. באַטראַכט ער דעם בר־מנן פון אַלע זייטן, מעשה־דאָקטאָר, און גיט זיך אַ זאָג:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, איך וואָלט געראָטן מען זאָל אים מאַכן אַ קאַנע...

— וואָס רעדט איר? — גיבן אַלע אַ זאָג פאַרוואונדערט, — ער לעבט דען?

— ניין — ענטפערט דער פעלדשער געלאַסן — אָבער וואָס קען דאָס אים שאַטן?

## אַ פּראָפעסאָר'ס איינפאַל

אַ פּראָפעסאָר האָט אַמאָל געהאַלטן אַ לעקציע וועגן כעמי און האָט געהאַט לעבן זיך אַ גלעזערנע כלי מיט אַ כעמישע פליסיגקייט. באַמערקנדיג ווי אַ שילער שיינקט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט צו אים, האָט ער דעם שילער אויסגערעדט וועגן דעם. דער שילער האָט זיך אָבער פאַרענטפערט און פאַרזיכערט דעם פּראָפעסאָר, אַז ער פאָלגט אים נאָך גאַנץ אויפמערקזאַם.

— אָט וועלן מיר באַלד זען — זאָגט דער פּראָפעסאָר, — אָט איז אַ כלי מיט אַ פליסיגקייט וואָס אייך איז אומבאַקאַנט. אָט זעט איר ווי איך טונק איין מיין פינגער — און נעם עס אין מויל אַריין... אַך, וואָס פאַר אַ געשמאַקן טעם דאָס האָט! — האָט איר מיר אַלע נאָכגעפאָלגט?

— יאָ, געוויס — האָבן אים די שילער פאַרזיכערט.

— איצט קום דו אַהער — ווענדעט ער זיך צום באַשולדיגטן שילער — און טו דאָס זעלביגע וואָס איך האָב געטאָן.

דער שילער האָט איינגעטונקט זיין פינגער אין דער פליסיגקייט, און ווי נאָר ער האָט עס אַריינגענומען אין מויל האָט ער זיך פאַרקרימט, זיין פנים איז בלאַס געוואָרן און האָט שיער ניט גע'חלש'ט פון איבלקייט.

— דו זעסט — מוסר'ט אים דער פּראָפעסאָר, — ווען דו וואָלסט מיר אָבער ריכטיג נאָכגעפאָלגט וואָלסטו דאָך באַמערקט, אַז איינגעטונקט האָב איך מיין צווייטן פינגער און אין מויל האָב איך גאָר אַריינגענומען דעם דריטן פינגער!...

## אַ מאַלע וואָס קען פּאַסירן

זאָגט איינער:

איר רעדט פון זעלטענע פּאַסירונגען — אָט וועל איך אייך דערציילן אַ זאַך, וואָס האָט פּאַסירט אין אונזער שטעדטל:

אַ באַלעבאַטישע מיידל איז געוואָרן אַ כלה פאַר אַ רייכן חתן, וועלכער האָט איר געשאָנקען אַ טויזנט־דאָלערדיגן דימענט רינג. איינמאָל, ווען זי האָט זיך געבאָדן אין טייך הינטער׳ן שטעדטל, האָט זיך דער רינג אַראָפּגעגליטשט פון איר פינגער און אַריינ־געפאַלן אין וואַסער. האָט מען אָנגעשטעלט צענדליגער מענשן צו זוכן דעם רינג, אָבער עס איז געווען, טאַקע ווי מען זאָגט, ווי אין וואַסער אַריין!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אַ פרייטאָג פרי, קומט לאה די פישערקע אַריין מיט אַ קאָשיק פיש צו דער כלה אין הויז און בעט מען זאָל איר געבן צו לייזן אויף שבת. איז עס איר אָנגעקומען זייער שווער ביז זי האָט גע׳פועל׳ט מען זאָל ביי איר קויפן אַ גרויסן העכט.

פרייטאָג נאַכט, ווען אַלע האָבן געגעסן די חלקים פונ׳ם העכט האָט דער חתן פּלוצלינג דערפילט אין מויל עפּעס אַ האַרטע זאַך וואָס איז דאָס געווען?

— דער רינג! — האָבן אַלע אויסגעשריען.

— ניין, דאָס איז געווען אַ ביין.

יאָ, אַלץ קען פּאַסירן...

## אַלט־נייע דערפינדונגען

אַ איטאַליענער האָט זיך באַרימט, אַז ווען מען האָט ניט לאַנג צוריק געגראָבן אין רוים, האָט מען דאָרט טיף אין דר׳ערד געפונען דראָטן. דאָס באַווייזט, זאָגט ער, אַז אין אַלטן רוים איז נאָך מיט פיל יאָרן צוריק שוין געווען טעלעפאָן אָדער טעלעגראַף.

—דאָס איז גאָרנישט — ענטפערט אים אַ איד, — ביי אונז אין אַלטן ירושלים האָבן פאָרשער אָנומעלט געגראָבן טיף אין דר׳ערד, האָבן זיי דאָרט קיין דראָטן נ י ט געפונען. דאָס באַווייזט,

אַז אין ירושלים איז נאָך מיט פיל הונדערטער יאָרן צוריק שוין געווען וויי־עַרלעס (דראָטלאָזע) פאַרבינדונג...

## צדקה מתן בסתר

ביי אַ גרויסן מאַסן־פאַרזאַמלונג האָט מען געמאַכט אַן אַפּיל פאַר אַ וויכטיגן צוועק. גלייך נאָכ׳ן אַפּיל זיינען מיידלעך אַרומגע־גאַנגען צווישן די פאַרזאַמלטע און צוזאַמענגענומען די נדבות וועלכע מען האָט אַריינגעלייגט אין פריער־צוגעגרייטע קאָנווערטן.

אין איין קאָנווערט האָט דער פאַרזיצער געפונען אַ טשעק פאַר גאַנצע טויזנט דאָלער, און ער האָט עס גאַנץ וואַרעם אַנאָנ־סירט. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער טשעק האָט ניט קיין אונטערשריפט. האָט ער דאָס אויך אַנאָנסירט, אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. נאָך אַ שטאַרקער ווענדונג צום עולם האָט זיך אימיצער אויפגעשטעלט און אויפגעהויבן די האַנט.

— איז דאָס אייער טשעק? — פרעגט אים דער פאַרזיצער.

— יאָ — ענטפערט יענער דרייסט.

— טאָ פאַרוואָס האָט איר ניט אונטערגעשריבן אייער נאָמען?

— ווייל איך האַלט פון דער מצוה צו געבן צדקה בסתר, פאַרבאָרגענערהייט. איך זוך ניט קיין כבוד, און מיין נאָמען איז ניט נויטיג...

## ווי מען שמד׳ט אַ אידן...

דער איינציגער איד אין אַן אַמעריקאַנעם שטעדטל איז געווען אַ אינשורענס מאַן. איז ער געווען מיט אַלעמען באַפריינדעט און געטאָן גוטע ביזנעס. איינמאָל האָט דער גלח מיט די „באַלעבאַטים״ זיך צוזאַמענגערעדט דעם אידן אָפּצושמד׳ן און אַריינבנעמען אין קירך פאַר אַ מיטגליד. האָבן זיי דעם אידן געמאַכט אַ באַנקעט, און ביי דער געלעגנהייט האָט דער גלח אים אַריינגערופן אין אַ באַזונדערן צימער זיך דורכצורײדן וועגן אַ „וויכטיגן ענין״...

די געסט האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אַ לאַנגע צייט אויף דעם רעזולטאַט, ביז די צוויי זיינען ענדליך אַרויסגעקומען פון צימער שטאַרק פאַרשוויצט, אַ סימן פון אַ שווערער דעבאַטע.

— נו, פאַטער — פרעגן זיי דעם גלח, — וואָס הערט זיך?

— וואָס זאָל זיך הערן — ענטפערט דער גלח אויפגעלייגט, — ער האָט מיר געמאַכט זייער אַ גוטע פאָליסי פון צען טויזנט דאָלער.

## וואו מען קריגט עס

אין אַ ניו יאָרקער שיינעם געגנט האָט זיך באַוויזן אַ מאַן, אָנגעטאָן אין אַ טייערן, שיינעם מאַנטל, און אין צעריסענע שיך. שטעלט אים אימיצער אָפּ און זאָגט צו אים פאַרוואונדערט:

— איר קוקט אויס צו זיין אַ רייכער מאַן, אַז איר קענט זיך פאַרגינען צו טראָגן אַזאַ טייערן מאַנטל, טאָ ווי קומט עס וואָס איר גייט אין צעריסענע שיך?

— אדרבה — זאָגט דער „רייכער" מאַן, — ווייזט מיר טאַקע אָן באַך אַ רעסטאָראַן פון וואַנען מען קען אַרויסטראָגן אַ פּאָר שיך אויך...

## צו וועמען דאָס איז אויסגעגאַנגען

אַ פרוי איז אַריינגעקומען אין אַ דראַג סטאָר און געפרעגט אויב מען קען צוגרייטן אַ דאָזע ריצענאייל אויף אַזאַ אַרט, אַז דער שלעכטער טעם זאָל זיך אינגאַנצן ניט פילן.

— געוויס — פאַרזיכערט איר דער דראָגיסט, און אין דער זעלביגער צייט האָט ער דערלאַנגט אַן אייז־קרים סאָדע צו אַ צווייטער פרוי אויף איר פאַרלאַנג.

— ווילט איר אויך אַן אייז־קרים סאָדע? — פרעגט ער דער ערשטער פרוי פון דעם ריצענאייל, זעענדיג ווי זי וואַרפט אַ זשעדנעם בליק אויף דעם אייז־קרים.

— יאָ, איר קענט עס מיר אויך געבן — ענטפערט זי, און דער דראָגיסט האָט איר אויך סערווירט מיט אַן אייז־קרים סאָדע.

— נו, איצט קענט איר פאַר מיר מאַכן דעם ריצענאייל — זאָגט זי ווען זי האָט געגעבן דעם לעצטן זופּ פון דער סאָדע.

— דעם ריצענאייל האָב איך אייך שוין אַריינגעגעבן אין דעם אייז־קרים סאָדע — זאָגט דער דראָגיסט מיט טריאומף — און איר האָט עס אַפילו ניט געפילט!

— אום גאטעס ווילן — שרייט אויס די פרוי, — וואס האט איר געטאן! דער ריצענאייל האט דאך גאר געזאלט זיין פאר מיין מאן!

## דער קייזער — אן אייזלקאפּ

אין דייטשלאנד האט מען אמאל ארעסטירט א אידן דערפאר וואס ער האט געזאגט, אז דער קייזער איז אן אייזלקאפּ. ער האט פון דער באשולדיגונג זיך ניט געקענט ארויסדרייען, ווייל אין געריכט, וואו מען האט אים גע׳משפט פאר דעם פארברעכן, זיינען געקומען עדות וואס האבן די באשולדיגונג באשטעטיגט.

— ווי אזוי וואגסטו צו זאגן אז דער קייזער איז אן אייזלקאפּ! — האט דער ריכטער געשריען צום באשולדיגטן.

— איך האב דאס טאקע געזאגט — פארענטפערט זיך דער איד, — אבער איך האב ניט געמיינט דעם דייטשישן קייזער נאר דעם עסטרייכישן...

— דו ביזט א פארדאמטער ליגנער — דונערט דער ריכטער, — דער עסטרייכישער קייזער איז שוין גארניט קיין אייזלקאפּ, און נאר אויף קייזער ווילהעלם זאגט מען דאס!

## א בעזדעטניק ווי זיין טאטע

צו א דאקטאר איז אריינגעקומען א יונגערמאן פאר זיין חתונה און געבעטן א מיטל וואס זאל אים פארזיכערן, אז ער וועט ניט זיין קיין בעזדעטניק ווי זיין טאטע...

— אייער טאטע איז געווען א בעזדעטניק — פרעגט אים דער דאקטאר, — טא פון וואנען קומט איר?

— איך קום פון בערדיטשעוו.

— ניין — זאגט דער דאקטאר, — איך מיין ווי אזוי קומט איר אויף דער וועלט, אויב אייער טאטע איז געווען א בעזדעטניק?

— מיט מיר האט פאסירט אזא געשיכטע — דערקלערט דער יונגערמאן: — מיין מאמע האט חתונה געהאט מיט מיין טאטן,

איז ער געווען אַ בעזדעטניק און זי האָט אים אָפּגעֿגט. נאָכדעם האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן מאַן, און איך בין דאָס טאָקע געבאָרן געוואָרן פון איר צווייטן מאַן, אָבער מיין טאַטע איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ בעזדעטניק.

## אַ רוסישער פּסק־דין

אַ רוסישער ריכטער, אונטער דעם צאַר, האָט אַמאָל פאַר׳משפט אַן אַלטן אידן „מען זאָל אים געבן צוואַנציג ריטער״.

דער אָנגעשטעלטער, וואָס פירט דורך דעם פּסק, האָט אָבער אויף דעם אַלטן אידן רחמנות געהאַט, האָט ער דורכגעפירט דעם פּסק בוכשטעבליך: ער האָט גענומען 20 ריטער און דאָס געגעבן (דערלאַנגט) דעם אידן.

דער ריכטער האָט זיך פון דעם דערוואוסט, און האָט דעם פּסק איבערגעשריבן דייטליך: „מען זאָל דעם אידן שמייסן מיט 20 ריטער״.

האָט דער אָנגעשטעלטער געמאַכט אַ בינטל פון 20 ריטער און דערמיט דעם אידן געגעבן אַ לייכטן שמיץ.

דאַן האָט שוין דער ריכטער געמוזט איבערשרייבן דעם פּסק גאַנץ דייטליך: „מען זאָל נעמען איין רוט און דערמיט געבן 20 שטאַרקע באַזונדערע שמיץ אויף דעם אידנ׳ס נאַקעטן קערפּער״....

## דער אמת׳ער חילוק

אַן אַנטיסעמיטישער דייטש איז אַמאָל געשטאַנען מיט אַ פּאַר פריינט אין זיין בלומען־גערטל, אין פאָרנט פון זיין הויז, און דורך דעם צאַם אַרויסגעקוקט אין גאַס.

זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרשידענע מענשן, און דערזעענדיג אַ איד מיט אַ באָרד האָט ער אים צוגערופן.

— זאָג מיר, יודע — זאָגט דער דייטש, — וואָס איז דער צווישנשייד צווישן דיר און אַ שוויין?

דער איד האָט זיך אַרומגעקוקט און אָנגעוויזן מיט׳ן פינגער:
„דו זעסט דאָך — אָט דער צאַם״...

## גוט זיך אָפּגערעכנט

אַן אַלטער מאַן איז אַריינגעקומען אין אַ טריין, פול געפּאַקט מיט מענשן, און קיין פּלאַץ ניט געפונען וואו צו זעצן זיך. נאָר איין פּלאַץ, האָט ער באַמערקט, איז פאַרנומען בלויז מיט אַ טשעמאָדאַן.

— איז דאָס פּלאַץ פון אימיצן פאַרנומען ? — פרעגט ער דעם מאַן וואָס איז געזעסן נעקסט צום טשעמאָדאַן.

— יאָ — ענטפערט יענער, — דער מאַן פון טשעמאָדאַן איז בלויז אַרויסגעגאַנגען אין וואָקזאַל קויפן אַ צייטונג...

— נו, פאַרפאַלן — זאָגט דער אַלטער, — איך וועל שוין מוזן שטיין — און בלייבט שטיין לעבן טשעמאָדאַן, כאָטש ער האָט חושד געווען, אַז דער טשעמאָדאַן געהערט צום מאַן וואָס זיצט לעבן אים.

אין עטליכע מינוטן אַרום האָט די טריין זיך גערירט פון אָרט, אָבער קיין „מאַן פון טשעמאָדאַן" האָט זיך ניט באַוויזן.

— איר זעט — זאָגט דער אַלטער צום עגאָאיסטישן מאַן ביים טשעמאָדאַן, — אייער שכן האָט נעבעך פאַרזאָמט די טריין און אָט פאַרלירט ער זיין טשעמאָדאַן אויך. אַ רחמנות, מען מוז אים אַרויסהעלפן — און ביי די רייד כאַפּט ער דעם טשעמאָדאַן און וואַרפט אים אַרויס דורכ'ן פענסטער...

## אַ לאָגישער פאָרשלאָג

משה'לע האָט געבעטן דער מאַמען זי זאָל אים לאָזן אַרויסגיין אין גאַס זיך גליטשן אויפ'ן שניי, אָבער די מאַמע האָט דאָס אים ניט דערלויבט, ווייל „ער וועט זיך פאַרקילן". האָט ער איר עטליכע מאָל געבעטן, אָבער זי האָט געזאָגט „ניין" — און עס האָט ניט געהאָלפן. און ווען ער איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו איר מיט זיין בקשה האָט זי אים שטרייננג אַ זאָג געטאָן, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס זי זאָגט אים „ניין און ניין".

משה'לע איז אַוועק פאַרצווייפלט, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריק צוגעקומען צו דער מאַמען:

— דו האָסט פריער געזאָגט, אַז דו זאָגסט מיר „ניין“ צום לעצטן מאָל, ניט אמת, מאַמע?

— יאָ, געוויס, טאָ איז וואָס?

— איז אויב אַזוי — זאָגט משה׳לע — קענסטו דאָך שוין איצטער זאָגן „יאָ“...

## וואָס תהלים קען אויפטאָן

אַן אַמעריקאַנער אידיש ווייבל איז געגאַנגען צו קינד מיט אַן „ערשטלינג“. האָט זי געהאַט שרעקליכע שמערצן, אָבער קיין קינד איז ניט געקומען. איר מאַמע, אַ היימישע אידענע, איז אַרומגע־גאַנגען נערוועז איבער׳ן צימער און אין גרויס פאַרצווייפלונג געהייסן איר אַמעריקאַנער־געבאָרענעם איידים ער זאָל צוגיין צום שול און באַשטעלן ביים שמש עטליכע אידן צו זאָגן תהלים. דער איידים האָט איר געפאָלגט, און אין אַ ווײַלע אַרום, ווען די אידן האָבן שוין מיט גרויס כונה געזאָגט תהלים, איז ער צוריקגעקומען אַהיים.

ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען האָט אָנגעפאַנגען מיט מזל צו קומען אַ קינד. אָבער אין אַ פּאָר מינוטן אַרום האָט אָנגעפאַנגען צו קומען נאָך אַ קינד. דאָס האָט שוין דעם יונגן מאַן אויפגערעגט און אַ דערצאָרנטער איז ער אַוועקגעלאָפן צו די אידן אין שול און אויסגעשריען: „פאָר גאַד סייק, סטאָפּ יור טילים!“ (אום גאָטעס ווילן, שטעלט־אָפּ אייער תהלים זאָגן!).

## אַ אידישער מלחמה העלד

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ אידישער סאָלדאָט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי זיך אויסגעצייכנט אויף אַן אויסער־געוויינליכן אופן: ווען ער מיט זיינע קאַמעראַדן פלעגן זיין בייבאַכט אין די טרענטשעס און אַלץ אַרום איז געווען שטיל, פלעגט ער פאַר אַ ווײַלע פאַרשווינדן און צוריק קומען מיט אַ גרופּע געפאַנ־גענע זעלנער פון דעם שונא.

אַלע פלעגן אים באַוואונדערן און פרעגן ווי־אַזוי ער טוט עס, אָבער ער האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט דעם סוד פון זיין זיג־רייכן אויפטו.

ווען די נייעס האָט דערגרייכט צום קאָמאַנדיר פון זיין אַרמיי, האָט ער אים געשיקט רופן און אויסגעפרעגט ווי־אַזוי ער טוט עס. דעם קאָמאַנדיר, פאַרשטייט זיך, האָט ער שוין ניט געקענט אָפּזאָגן, און ער האָט אים אויסגעזאָגט דעם סוד.

— גאַנץ איינפאַך — דערקלערט אים דער אידישער העלד, — איך קום צו גאַנץ שטיל און פאָרזיכטיג צום שונא׳ס טרענטש, יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און איך גיב מיר אַ זאָג: „אידן, איך דאַרף אַ מנין צו זאָגן קדיש״. אין אַ פּאָר מינוטן מעלדן זיך צו מיר אַ 10־15 אידן און איך ברענג זיי אַלס געפאַנגענע צו אונזער לאַגער.

— דו פאַרראַטעסט דאָך אָבער דורך דעם דיינע אייגענע גלויבנסגענאָסן — באַמערקט דער קאָמאַנדיר גוטמוטיג.

— ניין, איך פאַרראַט זיי ניט — ענטפערט אים דער פּאַטריאָטישער סאָלדאַט, — זיי וועלן ביי אונז האָבן בעסער אַלס געפאַנגענע איידער ביי זייערע רעגירונגען אַלס העלדן.

## אַ ריכטיגע עצה אויף פאַרלאַנג

אַן אַפּיקורס איז צוגעקומען צו אַ גרויסן רב, אַ באַוואוסטער צדיק, מיט אַ זעלטענער בקשה.

— רבי — זאָגט דער אַפּיקורס, — איך וויל זיך פאַרזיכערן, אַז ווען איך וועל שטאַרבן וועל איך גיין אין גיהנום, ווייל דאָרט געפינען זיך די אינטערעסאַנטסטע מענשן. דערפאַר האָב איך גע־בראָכן אַלע דינים און באַגאַנגען אַלע עבירות וואָס זיינען נאָר אויף מיין געדאַנק אַרויפגעקומען. אָבער איך האָב מורא, אַז איך האָב דורכגעלאָזט געוויסע עבירות, און דערפאַר וויל איך איר זאָלט מיר אָנווייזן וואָס איך האָב אויסגעלאָזן.

דער רבי האָט אויסגעהערט דעם לאַנגן צעטל פון חטאים וואָס דער אַפּיקורס איז באַגאַנגען און אים פאַרזיכערט, אַז דאָס צעטל איז שוין גרויס גענוג אים צו פאַרזיכערן מיט גיהנום אויף יענער וועלט. אָבער איין גרויסע עבירה האָט ער נאָך צו באַגיין כדי צו מאַכן דעם צעטל פון עבירות פולשטענדיג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן עבירה וואָס איך דאַרף נאָך באַגיין? — פרעגט אים דער אַפּיקורס.

— דו דאַרפסט באַגיין זעלבסטמאָרד — ענטפערט אים דער צדיק, — גיי און ווער דער'הרג'עט.

## די צייט צו געזעגענען זיך

רבי יצחק אלחנן, דער גאון פון קאָוונע, האָט צווישן זיינע גוטע פריינט געהאַט אַ יונגן אידישן כעמיקער. דער יונגערמאַן איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַטעאיסט און ניט געהאַלטן פון קיין רעליגיע, דאָך האָט רבי יצחק אלחנן אים רעספּעקטירט פאַר זיין גרויסער געלערנטקייט.

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער באַרימטער רב איז שטאַרק קראַנק געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל צו אים קיינעם ניט צולאָזן, סאַידן דער רבי אַליין וועט עס פאַר־לאַנגען. האָט מען אים געפאָלגט און צום קראַנקן ניט צוגעלאָזט אַפילו זיינע נאָענטסטע פריינט.

צווישן די, וועלכע זיינען געקומען אים זען איז אויך געווען דער אַפּיקורס, דער יונגער כעמיקער, וועלכער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם גאונ'ס קראַנקהייט. און ווען מען האָט דעם קראַנקן געמאָלדן פון זיין קומען, האָט ער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל אים גלייך צולאָזן צו אים.

— רבי — זאָגט דער כעמיקער צו ר' יצחק אלחנן, — ווי קומט עס וואָס איר האָט מיך דערלויבט אייך צו זען, כאָטש אייערע נאָענטסטע פריינט ווערן צו אייך ניט צוגעלאָזן?

— פאַרשטייסטו מיך — האָט דער הייליגער חולה מיט מאַ־טערניס אים געענטפערט, — מיט אַלע מיינע נאָענטע פריינט האָף איך נאָך צו טרעפן זיך סאַי ווי סאַי אין גן־עדן, אָבער מיט דיר וועל איך אפשר שוין קיינמאָל ניט זען זיך, דערפאַר קענען מיר זיך איצט געזעגענען...

## די ריכטיגע מתנה

אַ ניו יאָרקער יונגערמאַן האָט זיך פאַרליבט אין אַ פילאַ־דעלפיער מיידל און האָט ביי זיך באַשלאָסן זי צו הייראַטן, אָבער ער האָט ניט געוואוסט ווי זי פילט צו אים. איז אים איינגעפאַלן

צו שיקן איר אַ מתנה אַ רינג, האָפנדיג אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ פאַרלאָבונגס רינג, און זען ווי זי וועט אויף דעם רעאַגירן.

ווען זי האָט דעם רינג דערהאַלטן האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף זיין אַבזיכט, אָבער אַזוי ווי זי האָט ניט געדיינקט פון הייראַטן אים, האָט זי אים דעם רינג צוריקגעשיקט מיט אַ דערקלערונג אַז זי האָט גענוג צירונג פאַר אירע פינגער און פאַר אירע אויערן. נאָר אויב ער וויל איר מאַכן אַ פרעזענט קען ער איר שיקן עפּעס פאַר איר האַלז.

דער יונגערמאַן האָט זיך געפונען שטאַרק באַליידיגט, אָבער ער האָט דערפילט איר פאַרלאַנג און איר געשיקט אַ וויכטיגן אַרטיקל פאַר איר האַלז — אַ שטיקל זייף. אין אַ באַזונדערן בריוול האָט ער איר געלאָזט וויסן אַז ער דערפילט איר פאַרלאַנג און שיקט איר אַן אַרטיקל פאַר איר האַלז אין וועלכן זי בויטיגט זיך אַזוי שטאַרק און וואָס וועט איר זיכער צוניץ קומען...

## ווען די צרות קענען נאָך ערגער זיין

צוויי פריינט האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן נאָך אַ פיל יאָריגער צושיידונג און האָבן זיך נאָכגעפרעגט איינער אויף דעם אַנדערנ׳ס לאַגע.

— איך האָב דורכגעמאַכט דורך די יאָרן פאַרשידענע צרות — באַקלאָגט זיך איינער, — מיין ווייב איז געשטאָרבן, מיינע צוויי קינדער זיינען אַראָפּ פון גלייכן וועג, איך האָב דורכגעמאַכט אַלערליי קראַנקהייטן: אַ לונגן־פעלער, רומאַטיזם, אַסטמאַ, אַפּענדיסיטיס, דיאַביטיס, אַן אַלסער אין מאָגן און אַ קראַנק האַרץ. דערצו האָב איך נאָך פאַרלאָרן מיין דזשאָב און איך בין אויף גרויסענע צרות.

— עס האָט נאָך געקענט ערגער זיין — ענטפערט דער צווייטער אין אַן אָפּטימיסטישן טאָן.

— ווי אַזוי וואָלט עס געקענט זיין נאָך ערגער?

— ווען דאָס אַלץ וואָלט געטראָפן צו מיר.

# אַ קיבעץ פאַר אַ קיבעץ

אַ לאָיער און אַ דאָקטאָר, וועלכע זיינען געווען באַאַמטע אין אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע און פלעגן קיינמאָל ניט שטימען איינער מיט דעם אַנדערן, זיינען געווען די הויפּט רעדנער אויף אַ באַנקעט פון זייער אָרגאַניזאַציע. שטעלט זיך אויף דער לאָיער, מיט זיינע הענט אין די קעשענעס, און זאָגט:

„ווייסט איר, פריינדע, דעם אונטערשייד צווישן אַ יעגער און אַ דאָקטאָר? ניין, איר ווייסט ניט? אָט וועל איך אייך זאָגן: אַ יעגער הרג׳עט פריער זיין קרבן און דערנאָך שינדט ער אים אָפּ, און אַ דאָקטאָר שינדט פריער אָפּ זיין קרבן און דערנאָך הרג׳עט ער אים״...

דער דאָקטאָר האָט דעם קיבעץ אָראָפּגעשלונגען מיט אַ שמייכל און האָט דעם לאָיער איבערגעשלאָגן מיט דער פאָלגענדיגער באַמערקונג:

„קומט ניט פאַר ביי אייך קאָמיש, מיינע פריינדע, צו זען ווי אַ לאָיער האַלט זיינע הענט אין זיינע אייגענע קעשענעס?״...

# אַ אינטעליגענטע דאַמע...

ציפּע גרונע קען אַליין ניט לייענען, האָט זי געבעטן איר מאַן פאָרלייענען פאַר איר עפּעס נייעס פון צייטונג. האָט ער פאַר איר פאָרגעלייענט אַ שרעקליכע פּאַסירונג, וואָס האָט געטראָפן מיט אַ אידישן בעקער־אַרבייטער:

דער אַרבייטער איז געשטאַנען ביי דעם גרויסן קעסל וואו די מאַשינען מישן און קנעטן דעם טייג. פּלוצים איז אים ניט־גוט געוואָרן און ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם קעסל פון די טייג, וואו ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן... אַ לאַנגע צייט האָט קיינער ניט געוואוסט וואו דער בעקער איז אַהינגעקומען. ערשט שפּעטער, ווען מען האָט געגעסן דעם ברויט וואָס איז אויסגעבאַקן געוואָרן פון דעמדאָזיגן טייג, האָט מען אין די ברויטן געפונען שטיקלעך צוריבענע און צעפּיצלטע ביינדלעך...

ציפּע גרונע איז דערשיטערט געוואָרן פון די נייעס, און ווען איר מאַן האָט געענדיגט לייענען גיט זי אים אַ פרעג: זאָג מיר,

משה, צי האָט כאָטש דער בעקער זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם קעסל טייג ?

## ווען אַ רעסטאָראַן איז כשר

אַ פרומער איד איז אַריינגעקומען עסן אין אַ רעסטאָראַן, וואו אויף דעם פענסטער איז געווען אָנגעשריבן „כשר". אָבער ווען ער האָט שוין געהאַלטן אין מיטן עסן האָט ער דערזען ווי אַנדערע ווערן סערווירט מיט פוטער צו זייער ברויט פאַר אַ פליישיגן מאָלצייט און האָט באַמערקט נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן אים איבערצייגט אַז דאָס פּלאַץ איז ניט כשר. האָט ער צוגערופן דעם באַלעבאָס פון רעסטאָראַן און אים שטריינג אַ פרעג געטאָן :

— איז דאָס אַ כשר'ער רעסטאָראַן ?

— געוויס אַ כשר'ער — פאַרזיכערט אים דער רעסטאָראַ־טאָר, — אָט זעט איר אויף די ווענט הייגנען בילדער פון גרויסע רבנים וואָס פלעגן דאָ קומען עסן.

— דאָס, וואָס די רבנים זיינען אויפגעהאָנגען אויף די ווענט באַווייזט גאָרניט — זאָגט דער פרומער קאָסטאָמער, — ווען איך זע, פאַרקערט, אָט־די רבנים זיצן ביים טיש און א י י ך אויפגע־האָנגען, דאַן ווייס איך אַז עס איז כשר.

## פון די ריכטיגע טעות'ן

אויף אַ פּאַסאַזשיר־שיף האָט אַ מאַטראָז אַרויפגעשריען צום קאַפּיטאַן : „אַ מאַן איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער !" דער קאַ־פּיטאַן האָט גלייך געגעבן אַ סיגנאַל און די שיף איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דער מאַטראָז האָט דאַן אַרויפגעשריען צום קאַפּיטאַן : „אַנט־שולדיגט, איך האָב געהאַט אַ טעות". דער קאַפּיטאַן איז געוואָרן בייז און די שיף ווייטער געלאָזט לויפן. נאָכדעם האָט ער צוגערופן צו זיך דעם מאַטראָז און אים גוט אויסגעמוסר'ט פאַר זיין מאַכן אַן אַלאַרם און נאָכדעם זאָגן, אַז ס'איז געווען אַ טעות.

— אָבער איך האָב פּאַרט געמאַכט אַ טעות — פאַרענטפערט זיך דער מאַטראָז.

— וואָס פאַר אַ טעות האָסטו געמאַכט ? — בייזערט זיך דער קאַפּיטאַן.

— עס איז ניט געווען קיין מאַן וואָס איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער נאָר אַ פרוי.

## וועמעס יחוס איז גרעסער ?

אַ דייטשע נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט האָט געגעבן אַ באַנקעט לכבוד אַ געוויסן נאַציאָנאַלן יום־טוב. דער טאָסטמייסטער איז געווען אַ אידנפריינטליכער נאַבלמאַן, כאָטש די מערסטע געסט זיינען געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט. צום באַנקעט זיינען געווען איינ־געלאַדן אַ צאָל אידן, וואָס האָט די אַנטיסעמיטן גאָר ניט געשמעקט.

ווען דער טאָסטמייסטער האָט פאַרגעשטעלט די רעדנער, האָט ער איינעם פאַרגעשטעלט אַזוי :

— כ׳האָב דעם כבוד פאַר אייך פאַרצושטעלן אַ מאַן פון גרויסן יחוס. זיין עלטער־עלטער זיידע איז געווען איינער פון די צו וועמען עס איז פערזענליך איבערגעגעבן געוואָרן די דייטשע קאָנסטיטוציע — הער פרידריך מאַנהיים.

נאָך דעם רעדנער האָט דער טאָסטמייסטער פאַרגעשטעלט אַ צווייטן גאַסט :

— און איצט, פריינדע, האָב איך דעם כבוד פאַר אייך פאַרצו־שטעלן אַ צווייטן מאַן פון גרויסן יחוס. זיין עלטער־עלטער זיידע איז געווען איינער פון די צו וועמען עס איז ביים באַרג סיני פער־זענליך איבערגעגעבן געוואָרן די צען געבאָט פאַר דער מענשהייט — הער איזאַק אַבראַמזאָהן.

און די געסט האָבן דעם צווייטן רעדנער אויפגענומען מיט גרויס ערפורכט און באַוואונדערונג.

## אַלץ הייסט אומשולדיג

אַ רייזענדער פאַר אַ געוויסער פירמע איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים אין וועג־אריין. האָט ער, ווי זיין שטייגער איז, געשריבן צו זיין ווייבל כמעט יעדן טאָג און אַרויסגעקוקט אויף דער מינוט ווען

ער וועט שוין קענען זיין צוריק אין דער היים.

אָבער אומדערוואַרטעט איז געמאַכט געוואָרן אַן ענדערונג אין זיין מאַרשרוט און עס איז אים אויסגעקומען צו קומען אַהיים גלייך אָנשטאָט אַ וואָך שפּעטער ווי געפּלאַנט. האָט ער טעלעגראַפירט זיין ווייבל, אַז ער וועט אָנקומען מאָרגן אָוונט.

אויף מאָרגן אָוונט, ווען ער איז אַריינגעקומען אין זיין הויז, איז ער איבערראַשט געוואָרן צו געפינען זיין ווייבל פאַרברייגגענדיג מיט אַ פרעמדן מאַן. דאָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין רציחה און איז ווילד געוואָרן פון אויפרעגונג.

— ווי אַזוי דערוועגסטו זיך צו טאָן אַזאַ זאַך — האָט ער געדונערט אַ צורייצטער, — בפרט אַז איך האָב דיר טעלעגראַפירט און דו האָסט געוואוסט, אַז איך דאַרף אָנקומען יעדע מינוט!

— איך בין גאָרניט שולדיג — האָט זיין פרוי געפּרובירט אים דערקלערן, אָבער ער האָט זי ניט געלאָזט ריידן און האָט כסדר געוואַלדעוועט: געוואוסט אַז איך קום און זיך אַפילו ניט געקימערט וועגן דעם! דאָס איז שרעקליך, שרעקליך!

— אָבער איך בין פּאָרט ניט שולדיג — האָט זי ווייטער גע־פּרובירט אים דערקלערן.

— פאַרוואָס ביזטו ניט שולדיג? — האָט ער שוין נאָכגעלאָזן דעם טאָן, — מיט וואָס קענסטו דאָס פאַרענטפערן?!

— איך האָב ניט דערהאַלטן דיין טעלעגראַמע — זאָגט זי — און גאָרניט געוואוסט, אַז דו וועסט הייַנט אָנקומען...

## ווי ער איז פאַרפירט געוואָרן

צוויי יונגעלייט האָבן געשפּאַצירט אויף דעם „באָרדוואָק" ביים ים אין קאָני איילאַנד און זייַנען געווען פאַרטיפט אין אַ וואַרעמען געשפּרעך. הינטער זיי איז געגאַנגען אַ איד און הערנדיג ווי זיי ריידן מיט אַזאַ טעמפּעראַמענט איז ער געווען טשיקאַווע צו וויסן וועגן וואָס זיי ריידן.

איז דער איד זיי נאָכגעגאַנגען פון הינטן אַ שטיק וועג, אָבער ער האָט בלויז געהערט אָפּגעריסענע ווערטער און ניט געקענט כאַפּן

דעם ריכטיגן געשפרעך. אָבער וואָס שווערער עס איז אים געווען צו הערן זייער געשפרעך אַלץ מער נייגעריג איז ער געוואָרן אויס־צוגעפינען וועגן וואָס זיי ריידן. זיינען זיי געגאַנגען און געגאַנגען — און דער איד איז זיי נאָכגעגאַנגען — אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט ביז זיי זיינען מיד געוואָרן און האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק. דאָ האָט דער איד זיך געזעצט לעבן זיי און שוין געקענט הערן דייטליך זייער יעדעס וואָרט. זאָגט איינער:

— איך האָב ניט קיין מזל צו פערדלעך. איך האָב שוין אויס־געשפילט אַלע נומערן, און אַלץ איך פאַרליר.

— אַ קערטל איז פאָרט דער בעסטער וועג צו מאַכן אַ פּאָר טאָלער — זאָגט דער צווייטער, — אָבער „דאַיס" איז אויך ניט שלעכט.

— וועגן דעם־אַ רעדט איר דאָס די גאַנצע צייט? — מישט זיך אַריין דער איד, — אַ העזה דאָס איז אַ ביסל, אַוועקצונעמען מיין גאַנצע צייט פאַר גאָרנישט! טפו זאָלט איר ווערן!

און ער האָט זיי פאַרלאָזן.

## ווען „ערליכקייט" באַצאָלט זיך...

אַן אומבאַקאַנטער מאַן איז צוגעקומען צום פענסטערל פון אַ באַנק און געבעטן קאַסירן אַ טשעק פון הונדערט דאָלער. דער יונגער קלערק האָט אים באַטראַכט און געזאָגט:

— פון וואַנען ווייס איך, אַז איר זייט דאָס דער ריכטיגער מאַן צו וועמען דער טשעק איז אויסגעמאַכט? האָט איר וועלכע באַווייזן?

— מיט פאַרגעניגן — זאָגט דער מאַן אַרויסנעמענדיג אַ פאָטאָ־גראַפיע פון זיין קעשענע, — אָט דאָ האָט איר דעם בעסטן באַוויז אַז דאָס בין איך אַליין.

דער קלערק האָט באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע, קוקנדיג גלייכ־צייטיג אויף דעם מאַנ'ס פּנים, און גלייך איינגעזען אַז ער און די פאָטאָגראַפיע זיינען טאַקע דיזעלביגע.

— יאָ, דאָס קען שוין אַפילו אַ בלינדער זען, אַז איר זייט

דערזעלביגער — זאָגט דער יונגער קלערק מיט אַ שמייכל, — היינטיגע צייטן מוז מען זיין זייער פּאָרזיכטיג. און ער האָט דעם מאַן אויסגעצאָלט די הונדערט דאָלער.

## אָפּגעקומען פאַר די זינד

צוויי חסידישע, פרומע בחורים האָבן זיך צורעדט וועגן פרויען און ליבע. האָבן זיי אַזוי לאַנג גערעדט ביז זיי האָבן זיך באַגייס־טערט וועגן דעם ענין און זייגען דורכגעדרונגען געוואָרן מיט וואַ־רעמע געפילן... אָבער זיי האָבן זיך באַלד געכאַפּט, אַז זיי זייגען אַוועק צו ווייט; אַז אַזעלכע מחשבות זיינען אַ זינד, ווייל ווי באַוואוסט איז „מחשבה כמעשה" (דער געדאַנק איז ווי דער טאַט גופא), און פאַר אַזאַ זינד מוז מען תשובה טאָן.

זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען צום רבי'ן און זיך פאַר אים מתודה געווען. דער רבי האָט זיי געראָטן, אַז כדי אָפּצוקומען פאַר די זינד זאָלן זיי אַריינשיטן אַ ביסל אַרבעס אין די שיך און אַזוי אַרומגיין אַ וואָך צייט. האָבן זיי אים געפאָלגט.

אין אַ פאַר טעג אַרום האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן, און איינער האָט זיך באַקלאָגט, אַז די אַרבעס גיבן אים גרויסע שמערצן און ער קען שוין דאָס מער ניט אַריבערטראָגן.

— טו אַזוי ווי איך האָב געטאָן — ראָט אים דער צווייטער — און דו וועסט די אַרבעס אַפילו ניט פילן.

— וואָס האָסטו דען געטאָן? — פרעגט אים דער ערשטער פאַרוואונדערט.

— איך האָב די אַרבעס פריער אָפּגעקאָכט.

## זיין ערשטע געלעגנהייט

אַ דאָרפסמאַן איז געקומען אין שטאָדט־אַריין זיך צופּאַסן אַ פאַר אויגן־גלעזער ביי אַן אָפּטישאָן. דער קליין־שטעדטלדיגער „אויגן־דאָקטאָר" האָט אים געוויזן געדרוקטע שריפטן פון פאַרשידענע מאָסן און אים יעדעס מאָל געפרעגט אויב ער קען עס לייענען. אָבער דער פּאַציענט האָט אַלץ געזאָגט אַז „ניין". קיין גאַנץ גרויסע

שריפטן און די ריכטיגע גלעזער פאַר אַזעלכע אויגן האָט דער אָפּ־טישאָן ניט געהאַט ביי זיך. האָט ער דעם פּאַציענט געבעטן קומען נעקסטע וואָך, ווען ער וועט פאַר אים האָבן צוגעגרייט די נויטיגע פּרוביר־שריפטן און אַ ספּעציעלע פּאַרברילן וואָס וועלן אים פּשוט ראַטעווען.

— וועל איך דאַן טאַקע קענען לייענען ?

— אָ, געוויס, געוויס, — פאַרזיכערט אים דער ברילן ספּעציאַליסט.

— איך וועל אייך אייביג דאַנקבאַר זיין — האָט אים דער דאָרפסמאַן פאַרזיכערט מיט באַגייסטערונג, — מיין גאַנץ לעבן האָב איך געוואָלט קענען לייענען, און עס האָט זיך מיר אַלץ ניט איינגעגעבן.

## אַן איינפאַל פון אַ פּאַציענט

אין אַ האָספּיטאַל פאַר קראַנקע גלידער איז דער דאָקטאָר צוגעקומען צום בעטל פון אַ אידישן פּאַציענט און באַהאַנדלט זיין קראַנקע פוס. האָט דער דאָקטאָר זיין פוס געטאַפּט, געדריקט און געקוועטשט, אַזוי אַז דאָס האָט אים גרויסע שמערצן פאַרשאַפט.

נאָכדעם איז דער דאָקטאָר צוגעקומען צום נעקסטן בעטל, וואו אַ קריסטליכער פּאַציענט איז געלעגן, און געטאָן דאָס זעלביגע צו זיין פוס. אָבער אָנשטאָט קרעכצן האָט דער גוי גאָר געשמייכלט.

— ווי קומט עס וואָס דו האָסט געשמייכלט ווען דער דאָק־טאָר האָט אָטענדעט צו דיין פוס ? — האָט דער אידישער פּאַציענט אים געפרעגט פאַרוואונדערט נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר איז אַוועק־געגאַנגען, — האָסטו דען גאָר קיין שמערצן ניט געהאַט דערפון ?

— דו מיינסט איך וועל זיין אַזאַ נאַר ווי דו ? — האָט דער גוי געענטפערט מיט אַ פראַגע, — ווען דער דאָקטאָר האָט מיר געבעטן אים ווייזן מיין פוס האָב איך אַרויסגעשטעלט מיין געזונטע פוס . . .

## פון די גוטע צאָלערס

אַ סוחר פון דער קאַנטרי איז שולדיג געווען אַ ניו יאָרקער פירמע אַן אַלטן חוב פאַר סחורה און האָט איגנאָרירט אַלע בריוו, וואָס מען האָט אים געשיקט מאַנענדיג דעם חוב.

איינמאָל האָט אים באַזוכט אַ רייזענדער אַגענט פון דער ניו יאָרקער פירמע און דער סוחר האָט אים געגעבן אַ גרויסע באַשטעלונג פאַר נייע סחורה. דער אַגענט האָט אים דערמאָנט וועגן דעם אַלטן חוב, אָבער דער סוחר האָט אים פאַרזיכערט, אַז אַזוי שנעל ווי ער קריגט די נייע וואַרע וועט ער גלייך אַרויסשיקן אַ טשעק פאַר דעם אַלטן חוב צוזאַמען מיט דער סומע פאַר די איצטיגע סחורה.

דער אַגענט האָט אַט־דעם פאָרשלאַג איבערגעשיקט צו דער פירמע, און אויף דעם נעקסטן טאָג האָט דער סוחר פון קאַנטרי באַקומען פון ניו יאָרק אַזאַ טעלעגראַמע:

„מיר זיינען גרייט אייך אַרויסצושיקן די נייע וואַרע אַזוי שנעל ווי איר וועט אונז צושטעלן אַרויסשיקן אייער טשעק פאַר דעם אַלטן חוב".

אויף דעם האָט דער סוחר זיי טעלעגראַפיש געענטפערט:

„אַזוי לאַנג וואַרטן קען איך ניט"...

## ווען הונגער ווערט באַזיגט

אַן אָרימאַן איז אַריינגעקומען אין אַ הויז וואו מען האָט גע־האַלטן אין עסן. פרעגט אים די באַלעבאָסטע:

— פעטער, ווילט איר עסן אַ טעלער זופּ?

— אָ, יאָ — כאַפּט זיך אָן דער אָרימאַן אָן דעם אָנבאָט — און שנעל פאַרשלונגען דעם טעלער זופּ וואָס ער האָט געקראָגן.

— ווילט איר נאָך אַ טעלער זופּ?

— יאָ, איך קען עסן נאָך אַ טעלער זופּ — און האָט שנעל פאַרצערט דעם צווייטן טעלער זופּ.

— פעטער, אפשר וועט איר עסן נאָך אַ טעלער זופּ?

— נו, זאָל זיין נאָך אַ טעלער זופּ — און האָט אָן צערע־מאָניעס דעם דריטן טעלער זופּ פאַרשלונגען.

— שעמט זיך ניט, פעטער, אפשר וועט איר קענען עסן נאָך אַ טעלער זופּ?

— כ׳ווייס... פּרובירן נאָך אַ טעלער זופּ — און האָט דעם פירטן טעלער שנעל אויסגעליידיגט.

אַזוי לאַנג ווי דער איד האָט נאָר געקענט עסן, האָט די גוט־הערציגע באַלעבאָסטע אים געגעבן איין טעלער נאָכ׳ן אַנדערן, און עס האָט שוין געהאַלטן ביים אַכטן טעלער.

— ר׳ איד, אפשר זייט איר נאָך הונגעריג, וועט איר אפשר קענען עסן נאָך אַ טעלער זופּ?

— הם... כ׳ווייס?... עט... כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת — איך גלייך דאָס גאָרניט.

## אַז מען רעדט פון אידיאָטן

אַ דאָרפסמאַן איז געפאָרן קיין ניו יאָרק און אויף זיין וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קליין שטעדטל צו זען זיינעם אַן אַלטן פריינט, וואָס האָט דאָרט געוואוינט. ביינאַכט האָט אים זיין פריינט אָנגעוויזן אויף אַ ביליגן האָטעל איבערצושלאָפן ביז ער וועט גאַנץ באַגינען נעמען די טריין צו ניו יאָרק.

אין גאַסטהויז האָט דער אָנגעשטעלטער אים דערקלערט, אַז אַלע צימערלעך זיינען פאַרנומען מיט דורכפאָרנדיגע סאָלדאַטן, נאָר אין איין צימער איז פאַראַן אַ ליידיגע בעט לעבן אַ בעט וואו עס שלאָפט אַ סאָלדאַט. ניט האָבנדיג קיין אַנדער ברירה האָט ער גענומען די בעט און אָנגעבעטן מען זאָל אים אויפוועקן 4 אַזייגער פאַרטאָג צו נעמען די טריין.

צו דער ריכטיגער צייט האָט מען אים אויפגעוועקט און ער האָט אין דער פינסטער שנעל זיך אָנגעטאָן און אַוועק צום טריין.

קומענדיג אין דעם וואָקזאַל איז ער אַריינגעגאַנגען אין דעם „קאָמפאָרט״ צימער פאַר מענער, און ווי איבערראַשט איז ער

געוואָרן ווען ער האָט אין שפּיגל זיך דערזען אין דעם סאָלדאַטסקן מונדיר. „אָ, וואָס פאַר אַן אידיאָט ער איז דאָרט דער אַנגעשטעלטער פון האָטעל!“, האָט ער מיט ביטערניס אויסגעשריען צו זיך אַליין, „אַנשטאָט מיך האָט ער גאָר אויפגעוועקט דעם סאָלדאַט, און איך וועל דאָרט מסתּמא פאַרשלאָפן און פאַרזאַמען די טריין!“...

## אַ זעלטענער מגיד

אין אַ שטעדטל איז אַמאָל אָריינגעפאָרן אַ מגיד מיט אַ שיי־נעם הדרת־פּנים, און אַ גרויסער עולם איז אים געקומען הערן. אין דער קערה (טעלער) וואָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן ביים אַריינ־גאַנג אין בית־מדרש האָט זיין פאַרטרעטער אַנגעקליבן אַ שיינע סומע, אָבער ווען דער מגיד האָט זיך געשטעלט ריידן האָט ער ניט געהאָט וואָס צו זאָגן.

האָט ער מיט אַ שיינעם דרשה־ניגון זיך צוזונגען אַזוי:

רבותי, וואָס איז היינט? צי איז היינט זונטאָג, צי מאָנטאָג, צי דינסטאָג, צי מיטוואָך, צי דאָנערשטאָג, צי פרייטאָג, צי שבת? ביין, רבותי, עס איז ניט זונטאָג, ניט מאָנטאָג, ניט דינסטאָג, ניט מיטוואָך, ניט דאָנערשטאָג, ניט פרייטאָג און ניט שבת. טאָ ווי קען דאָס זיין אַז עס זאָל זיין ניט זונטאָג, ניט מאָנטאָג, ניט דינסטאָג, ניט מיטוואָך, ניט דאָנערשטאָג, ניט פרייטאָג און ניט שבת? עס מוז דאָך זיין אָדער זונטאָג, אָדער מאָנטאָג, אָדער דינ־סטאָג, אָדער מיטוואָך, אָדער דאָנערשטאָג, אָדער פרייטאָג, אָדער שבת. היינט אַז איך זאָג אַז עס איז ניט זונטאָג, ניט מאָנטאָג, ניט דינסטאָג, ניט מיטוואָך, ניט דאָנערשטאָג, ניט פרייטאָג און ניט שבת, טאָ וואָס־זשע דען אַז ניט זונטאָג, ניט מאָנטאָג, ניט דינסטאָג, ניט מיטוואָך, ניט דאָנערשטאָג, ניט פרייטאָג און ניט שבת?

היינט איז ניט קיין טאָג ווי אַלע טעג פון וואָך, ווייל היינט איז ראש חודש!...

## וואָס כאַבאַר קען אויפטאָן

מר. גרינבערג און מר. ווייסבערג, צוויי ווייך־הענדלער קאָנ־קורענטן, האָבן געהאָט צווישן זיך אַ סכסוך אין זייערע געשעפטן

און מר. גרינבערג האָט מר. ווייסבערג'ן אָנגעקלאָגט פאַר אַ סומע פון עטליכע הונדערט דאָלער.

ווען דער אַדוואָקאַט האָט מר. גרינבערג'ן דערקלערט, אַז ער האָט זייער ווייניג שאַנסן צו געווינען די קלאָגע, האָט דער קליענט אים געפרעגט אויב עס איז ראַטזאַם דעם ריכטער אַריינצושיקן אַ מתנה, אַ פּאָר גאַלאָנען פון דעם בעסטן וויין.

— חלילה — זאָגט דער אַדוואָקאַט שטריינג, — איר זאָלט זיך ניט דערוועגן דאָס צו טאָן. איך קען גוט דעם ריכטער, און איך בין זיכער, אַז אויב איר שיקט אים אַריין אַ כאַבאַר־מתנה וועט איר זיכער פאַרלירן אין געריכט.

ווען דער פּראָצעס איז פאַרגעקומען, האָט מר. גרינבערג גראַדע געוואונען די פולע סומע וואָס ער האָט פון ווייסבערג'ן געמאָנט, און זיין אַדוואָקאַט האָט זיך געוואונדערט איבער דעם.

— איצט וועל איך אייך אויסזאָגן — זאָגט גרינבערג צום אַדוואָקאַט אַרויסגייענדיג פון געריכט — אַז איך האָב אייך ניט געפאָלגט און האָב דעם ריכטער טאַקע יאָ אַריינגעשיקט אַ פּאָר גאַלאָנען גוטן וויין.

— אויב אַזוי — זאָגט דער אַדוואָקאַט — איז מיר שוין גאָר אומפאַרשטענדליך ווי אַזוי איר האָט געקענט געווינען די קלאָגע.

— אָבער — זעצט גרינבערג פאָר זיין סוד — אויפ'ן צעטעלע וואָס איך האָב מיטגעשיקט מיט דעם וויין צום ריכטער האָב איך אָנגעשריבן, אַז דאָס איז אַ מתנה פון מר. ווייסבערג...

## נערוויכערט אום שבת

אַ פרומער חזן אין אַ ליטוויש שטעדטל איז שבת נאָכ'ן טשאָלענט געקומען צוגאַסט צום גבאי פון זיין שול. אַריינקומענדיג אין הויז איז ער איבערראַשט געוואָרן צו געפינען דעם גבאי רויכערענדיג אַ ציגאַר, וועלכן ער האָט אין גרויס נערוועזיטעט שנעל פאַרלאָשן.

— וואָס טוט זיך דאָ, ר' שלמה — האָט דער חזן אויסגערופן פאַרוואונדערט, — איר זאָלט טאָן אַזאַ זאַך!

דער גבאי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן, ווייל ער האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן און ניט געקענט זיך פאַרענטפערן. אַריינגעפאַלן — איז פאַרפאַלן.

— ווייסט איר דען ניט, אַז דער וואָס רויכערט אום שבת ווערט געברענט און געבראָטן אין גיהנום?! — האָט דער חזן אויפגעהויבן זיין קול, — ווייסט איר דען ניט, אַז דאָס איז אַ שרעקליכע עבירה?!

דער גבאי האָט געשוויגן. אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, פאַרשלאָסן די טיר פון אינעווייניג, און זיך געווענדעט צום חזן:

— הערט זיך איין — זאָגט ער אַנטשלאָסן, — איר האָט מיך געכאַפּט רויכערנדיג אום שבת, איז פאַרפאַלן. אָבער כדי צו זיין זיכער, אַז איר וועט דאָס קיינעם ניט דערציילן, מוז איך אייך צווינגען אויך צו רויכערן. אָט איז אַ ציגאַר און איר מוזט רוי־כערן. עס וועט אייך גאָרניט העלפן!

דער חזן האָט געפּרובירט אַרגומענטירן מיט אים, אָבער אָן דערפאָלג.

— איר ווייסט דאָך, אַז איך רויכער ניט קיין ציגאַרן — האָט דער חזן אים ענדליך דערקלערט, — איז וויבאַלד אַז איר צווינגט מיך שוין יאָ צו רויכערן וועל איך בעסער רויכערן אָן אייגענעם ציגאַרעטל — און ביי די רייד האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל פּאַפּיראָסן מיט שוועבעלעך פון זיין בוזעם־קעשענע און פאַררויכערט.

## זיין געלט אָדער זיין לעבן

אַ איד, וועלכער האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון אַ געוויסן אַרטיקל ווייט הינטערן שטאָט, האָט געטראָגן אין שטאָט־אַריין טויזנט דאָ־לער באַרעס געלט צו דעפּאָנירן אין באַנק. דורכגייענדיג אַ זייטיג וועגל אויף אַ פּוסטן פּלאַץ איז פאַר אים פּלוצלינג אויסגעוואַקסן אַ יונגער חברה־מאַן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.

— הויב־אויף דיינע הענט! — האָט דער יונגער באַנדיט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, — דיין געלט אָדער דיין לעבן!

דער איד האָט גלייך איינגעזען, אַז דאָס איז ניט קיין פּורים־

שפיל און ער האָט געפאָלגט. דער חברה־מאַן האָט מיט איין האַנט געצילט דעם רעוואָלווער, מיט דער צווייטער האַנט אַרויסגענומען דעם גאַנצן פּאַק געלט פון אידנ׳ס קעשענע, און אים געהייסן גיין ווייטער.

— יונגערמאַן — זאָגט דער איד מיט אַ וויינענדיג קול, — דו האָסט מיך אומגליקליך געמאַכט. דאָס געלט איז ניט מיינס און קיינער וועט מיר ניט גלויבן וואָס האָט פּאַסירט. בעט איך דיר זאָלסט מיר כאָטש טאָן אַ טובה און דורכשיסן מיין היטל כדי איך זאָל דאָס קענען באַווייזן ווי אַן עדות.

דער באַנדיט האָט אים געטאָן די טובה און אויסגעשאָסן אויף זיין היטל אויף דר׳ערד, אָבער ער האָט ניט געטראָפן. האָט ער אויסגעשאָסן אַ צווייטן מאָל און דאָס היטל דורכגעלעכערט.

— טו מיר שוין די טובה און שיס דורך מיין מאַנטל אויך — בעט אים דער איד, — דאָס וועט מיר פיל העלפן.

— איך האָב מער ניט קיין קוילן — זאָגט דער יונגער באַנדיט.

— אויב אַזוי — זאָגט דער איד — טאַ נאַ!! — און מיט אַ מעכטיגן זעץ אים געוואָרפן צו דר׳ערד אַ פאַרטומעלטן. בליץ־שנעל האָט ער פון אים צוריקגענומען דאָס געלט און מיטגענומען דעם רעוואָלווער פאַר אַ סאָוועניר.

## הילף פון גוי׳אישן גאָט

אַ ברודער פון אַ קליין שטעדטל׳שן רב איז אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער וועלט, אין ווייטע מרחקים, און האָט ווייניג געלאָזט הערן פון זיך. שפּעטער האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט צו שרייבן און איז פאַר פיל יאָרן ווי אין וואַסער אַריין.

אין אַ שיינעם טאָג קומט צום רב פלוצלינג אַן אויסגעפּוצטער גלח און דער רב איז נשתומם געוואָרן פון איבעראַשונג ווען ער האָט אים דערקענט.

— מענדל, דאָס ביזט דו?! דו, אַ גלח!!

— יאָ, ברודער, דאָס בין איך — ענטפערט ער ליבליך אָבער מיט שטאָלץ דערקלערנדיג בקיצור וואָס האָט אים געבראַכט דערצו און ווי גליקליך ער איז, וואָס ער האָט געפונען דעם ריכטיגן וועג...

בקיצור, די צוויי ברידער, דער רב מיט דעם גלח, האָבן געהאַט געגוג ויכוחים וועגן רעליגיע און גאָטהייט, אָבער יעדער איז געבליבן ביי דאָס זייניגע, כאָטש דער גלח האָט זיין ברודער באַוויזן, אַז דער אידישער גאָט טוט פאַר אים גאָרנישט און ער לעבט אַלע זיינע יאָרן אין אָרימקייט און דחקות.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער גלח צוריק אַוועקגעפאָרן און איבערגעלאָזן ביי זיין ברודער אין טיש־קעסטל אַ מתנה — זיין גאָלדענעם צלם באַזעצט מיט דימענטן.

ווען דאָס איז דעם נעקסטן טאָג אַנטדעקט געוואָרן איז דער רב געוואָרן שרעקליך אויפגערעגט און האָט גלייך געוואָלט דעם צלם אַרויסוואַרפן אין דרויסן, אָבער די רבי׳צין האָט ניט געלאָזט. נאָך פיל צאַנקערייען איז געבליבן מען זאָל צוערשט דעם צלם לאָזן צוברעכן אויף פיצלעך און דאַן דאָס פאַרקויפן אין גאָלד און באַזונדערע דימענטן.

פאַר דעם געלט האָט דער רב געקויפט אַ שיינע היים, חתונה געמאַכט די צוויי טעכטער, און איז אינגאַנצן אויפגעריכט געוואָרן.

— דו זעסט, רבי — זאָגט די רבי׳צין, — דיין ברודער איז פאָרט גערעכט געווען. דער גאָט פון ישראל האָט אַלע דיינע יאָרן דיך געהאַלטן אין אָרימקייט, און זע וואָס דער גוי׳אישער גאָט האָט פאַר דיר געטאָן אין אַזאַ קורצער צייט!...

## וואָס די ראַדיאָ האָט געזאָגט

די ווייב האָט געבעטן דעם מאַן ער זאָל זיך צוהערן צו דער ראַדיאָ און קאָפּירן די „רעסיפּי" פון צוגרייטן געריכטן, וואָס ווערט דורך דער ראַדיאָ געלערנט. האָט אָבער דער סטיישאַן זיך אויסגעמישט מיט אַן אַנדער סטיישאַן, וואָס האָט געגעבן אַ לעקציע אין פיזישער איבונג, און דער רעזולטאַט, ווי דער מאַן האָט עס פאַרשריבן, איז אַרויסגעקומען אומגעפער אַזוי:

האַלט ביידע הענט ביי אייערע היפטן און שיט אַרויף אַ גלאָז מעל אויף די פּלייצעס. האַלט די קני גלייך און מישט זיי גוט דורך מיט אַ האַלבע גלאָז מילך. ווידערהאַלט עס אַזוי זעקס מאָל. דאַן נעמט אַריין אַ טיפן אָטעם מיט אַ האַלבע טיי־לעפעלע באַק־פּוידער און לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני מיט אַ ביסל זאַלץ און פעפער.

בראַקט אַריין אַ האַרטע איי, אָטעמט נאַטירליך און זיפּט עס דורך אַ זייער.

אויפמערקזאַם! ליגט פלאַך אויף דעם דיל און קייקלט די ווייסל פון אַן איי הין און צוריק ביז עס פאַנגט אָן צו קאָכן. האַלט דעם קאָפּ אויף אַ קליין פייערל פאַר צען מינוטן און נעמט אַראָפּ דעם שוים וואָס האָט זיך אָנגעקליבן. אין צען מינוטן אַרום נעמט עס אַראָפּ פון פייער, ווישט זיך אַרום מיט אַ גראָבן האַנטוך, טוט זיך אָן אַ וואַרעמען שלאָף־ראָק און סערווירט עס מיט פיש־יויך.

## ווער זיינען די ליגנערס?

אַ סאָלדאַט איז צוגעקומען צו זיין קוירנעל און געבעטן ער זאָל אים באַווילינגן אַ באַפרייאונג פאַר עטליכע טעג צו פאָרן אַהיים, ווייל ער האָט היינט, זאָגט ער, געקראָגן אַ בריוו פון זיין ווייב וואו זי שרייבט אים, אַז זי ציט זיך אַריבער אין אַ נייער וואוינונג און זי וויל ער זאָל זי קומען העלפן אין דער אַרבייט.

— דיין פאַרלאַנג איז שוין איבעריג — האָט דער קוירנעל אים געענטפערט, — איך האָב נאָך אייערנעכטן באַקומען אַ בריוו פון דיין ווייב וואו זי שרייבט מיר, אַז אויב דו וועסט פון מיר פאַר־לאַנגען אַזאַ באַפרייאונג אויף עטליכע טעג זאָל איך עס דיר ניט באַווילינגן, ווייל זי קען זיך אַריבערציען צו דער נייער וואוינונג גאַנץ אַליין אָן דיין הילף, און אויב דו וועסט קומען, שרייבט זי, וועסטו איר בלויז שטערן.

דער סאָלדאַט האָט סאַלוטירט, זיך אָפּגעקערט און אַוועק־געגאַנגען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז דער סאָלדאַט צוריק געקומען צום קוירנעל און אים אַזוי געזאָגט:

— עס טוט מיר לייד, אָבער איך מוז זיך מודה־זיין פאַר אייך, אַז איך האָב אייך פריער געזאָגט אַ ליגן. ווי עס ווייזט אויס זיינען אין אונזער קעמפּ פאַראַן צוויי מיאוס׳ע ליגנער, און איך בין איי־נער פון זיי. דער ליגן איז וועגן מיין ווייב וואָס מיר האָבן פריער גערעדט און פון די בריוו וואָס זי האָט אונז ביידן געשריבן... אָבער דער אמת איז, אַז איך האָב נאָך גאָר קיין ווייב ניט.

## אַ וואונדערליכער דאָקטאָר

אין אַ האָטעל איז געקומען אַ גאַסט און פאַרנומען אַ צימער. אויף מאָרגן פרי, ווען ער איז נאָך געווען אין צימער, איז אַרייַנ־געקומען דאָס צימער־מיידל צו פאַרבעטן די בעט און אויפראַמען דעם צימער. דער גאַסט האָט זי באַטראַכט און באַמערקט, אַז איין באַק איז ביי איר געשוואָלן.

— וואָס איז דער מער מיט אייער באַק וואָס איז געשוואָלן? — האָט ער איר געפרעגט.

— איך לייד פון צאָן־ווייטאָג — האָט דאָס מיידל אים דער־קלערט — און פון דעם איז די באַק מיר געשוואָלן געוואָרן.

— איך בין אַ היפּנאָטיק־דאָקטאָר — האָט דער מאַן איר פאַרזיכערט — און איך קען פאַרשידענע אַנגעגריפענע פלעצער אויס־היילן בלויז מיט אַ קוש.

דאָס נאַאיווע מיידל האָט אים געגלויבט און האָט זיך געלאָזט פון אים אַ קוש טאָן.

אַ ביסל שפּעטער איז אין דעם גאַסט׳ס צימער אַרייַנגעקומען אַ מיטל־יעריגע פרוי.

— איך האָב געהערט — זאָגט די פרוי — אַז איר זייט אַזאַ דאָקטאָר וואָס קען אויסהיילן פאַרשידענע קראַנקהייטן דורך אַ קוש אויף דעם באַטרעפנדן פלאַץ.

— יאָ, געוויס — זאָגט דער גאַסט.

— איך בין די מוטער פון דער מיידל וועמען איר האָט פריער געקורירט — זאָגט די פרוי, — אפשר קענט איר מיך אויך אַזוי קורירן מיט אַ קוש?

— אָ יאָ, מיט פאַרגעניגן — זאָגט דער גאַסט, — וואו טוט אייך וויי?

— פאַר די לעצטע צען יאָר — זאָגט די פרוי — לייד איך, ניט פאַר אייך געדאַכט, פון שמערצליכע מערידען (פאַילס).

## ווען רייד זיינען נויטיג

אויף דער פלאַטפאָרמע פון אַ וואָקזאַל איז אַ פרוי געשטאַנען

מיט אַ קינד ביי דער האַנט און געוואַרט אויף דעם צוג. ווערנדיג אומגעדולדיג האָט זי אַ פרעג געטאָן ביי אַ מאַן ווען דער צוג דאַרף אָנקומען.

— צ־צ־צען מינוט פּ־פּ־פּאַר זזז־עקס — האָט דער מאַן געענטפערט.

די פרוי האָט זיך אָפּגעקערט און אין אַ פּאָר מינוטן אַרום איז זי מיט דעם קינד ווידער צוגעקומען צו דעם מאַן און געפרעגט ווי שפּעט עס איז.

— צ־צ־צ־וואַנ־ציג צ־צ־צו זזז־עקס — האָט דער מאַן געענטפערט.

— ווי ווייט איז פון דאַנען צו פילאַדעלפיע ? — האָט די פרוי אים ווייטער געפרעגט.

— אַ ההה־הו־הונ־דערט מיט צ־צ־צ־ען מייל.

— וואָס פאַר אַ דאַטע איז היינט ?

— דער צ־צ־צ־ווי און צ־צ־צ־וואַנציגסטער ס־ס־סעפּטעמבער.

— וואָס דיינקט איר פון היינטיגן וועטער ?

— וו־וו־אָס האָט איר זזזיך אָנגעטש־טש־טשעפּעט אַן מיר — ווערט דער מאַן בייז — פּ־פּ־פרעגט ביי אַ־אַ־אַנדערע מ־מ־מענ־שן און ל־ל־לאָזט מיך אָפּ !

— אַנטשולדיגט — זאָגט די פרוי, — די פראַגן זיינען ניט וויכטיג, אָבער מיין מיידעלע גלייכט צו הערן ווי איר רעדט.

## פרייד אין היטלער־לאַנד

אַ נאַצי שטורם טרופּער האָט געפירט זיין קאַפּיטאַן אין אַן אָטאָמאָביל אויף אַ וויכטיגער מיסיע און האָט שנעל געטריבן דעם אָטאָמאָביל איבער דעם שאָסיי וואָס פירט צום געוויסן פונקט. פאַרבייפאָרנדיג אַ שיינע הויז האָבן זיי אויף דעם וועג אַריבער־געפאָרן און גע׳הרג׳עט דעם יאַכט־הונט פון הויז, וואָס איז גראַדע אין דער מינוט דעם וועג אַריבערגעלאָפן.

— פריטץ — זאָגט דער קאַפּיטאַן, — דו מוזט זאָפאָרט אַריינ־גיין אין הויז און זיך אַנטשולדיגן פאַר דער פאַסירונג.

פריטץ איז אַריינגעגאַנגען אין הויז און זיך פאַרזאַמט אַ ביסל. נאָכדעם איז ער אַרויסגעקומען פון דאָרט באַלאָדן מיט קוכן, וואורשט, פלעשער שנאַפּס און אַנדערע „גוטע זאַכן".

— אָט דאָס אַלץ האָט די מאַדאַם מיר געגעבן, הער קאַפּיטאַן — זאָגט דער שטורם טרופּער.

— וואָס, זיי זיינען דען גאָרניט בייז געווען וואָס דו האָסט זייער הונט אַריבערגעפאָרן? — פרעגט אים דער קאַפּיטאַן פאַרוואונדערט.

— ניין, הער קאַפּיטאַן — זאָגט דער סאָלדאַט, — אדרבה, זיי זיינען געוואָרן זייער פריילעך און האָבן מיר געדריקט די האַנט; איך קען דאָס אַליין ניט פאַרשטיין.

— וואָס האָסטו זיי געזאָגט ווען דו ביזט אַריינגעקומען?

— איך האָב בלויז געזאָגט „הייל היטלער, דער הונט איז טוידט!"

## אַ מיטל צו האָבן קינדער

אַ מיידל, וועלכע האָט געדינט ביי אַ חשוב'ן באַלעבאָס, אין אַ פּויליש שטעדטל, איז פּלוצלינג שוואַנגער געוואָרן. ווען אירע עלטערן, קרובים, און באַלעבאָסטע זיינען צוגעשטאַנען צו איר און געפאָדערט זי זאָל זאָגן פון וועמען זי שוואַנגערט, האָט זי זיי אויסגעזאָגט, אַז זי שוואַנגערט פון רבי'ן.

די סענסאַציע איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטעדטל, די נייעס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל ביז עס איז געקומען צום רבי'ן גופא. דערהערנדיג אַזאַ זאַך האָט דער רבי אַרויסגעשיקט זיין שמש אויפצופאָדערן דאָס מיידל מיט אירע עלטערן און קרובים, אויך איר באַלעבאָסטע, זיי זאָלן אַלע קומען צו אים פאַר אַן אויספאָרשונג פון דעם ערנסטן ענין.

— ווען זיי האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט ביים רבי'ן האָט ער זיך געווענדעט צו דער מיידל:

— איך האָב געהערט אַז דו ביזט שוואַנגער.

— יאָ, רבי — האָט דאָס מיידל געענטפערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— פון וועמען שוואַנגערסטו דו ?

— טאַקע פון אייך אַליין.

— וואָס פּלוידערסטו, וואָס ? איז דער רבי אויפגעשפּרונגען, — איך האָב דאָך דיך אַפילו קיינמאָל ניט געזען !

— אמת, רבי — זאָגט דאָס מיידל, — אָבער די זאַך איז אַזוי געווען : מיין באַלעבאָסטע איז ביי אייך געווען פאַר אַ רפואה צו האָבן קינדער און איר האָט איר געגעבן אַזעלכע פּילן. איינמאָל האָב איך געהאַט אַ קאַפּווייטאָג און דורך אַ טעות גענומען איינעם פון אייערע פּילן. אַט דערפון בין איך דאָס שוואַנגער געוואָרן...

— וואָס רעדסטו נאַרישקייט — בייזערט זיך דער רבי, — פון אַ פּיל קען מען ווערן שוואַנגער ? מען דאַרף דאָך דערצו האָבן אַ מאַן אויך.

— נו יאָ — ענטפערט דאָס מיידל באַאיוו, — ווייניג מענער זיינען דען פאַראַן אין אונזער שטעדטל ?...

## צווישן שיכורים

צוויי שיכורים זיינען אַריינגעקומען אין אַ האָטעל און געזאָגט דעם פאַרוואַלטער, אַז זיי ווילן דאָ איבערנעכטיגן. האָט איינער געזאָגט, אַז זיי ווילן אַ בעט מיט צוויי צימערן... דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז זיי ווילן צוויי מאָל אַ בעט מיט איין צימער... אָבער דער פאַרוואַלטער האָט זיי פאַרריכט און דערקלערט, אַז זיי מיינען איין צימער מיט צוויי בעטן.

האָבן זיי צוגעשטימט צום פאַרוואַלטער׳ס פאָרשלאָג, און אין עטליכע מינוטן אַרום זיינען זיי שוין געלעגן אויסגעצויגן, אינגאַנצן אָנגעטאָן —ביידע אין איין בעט.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און עס האָט זיך דערהערט פון זיי אַזאַ געשפּרעך :

— העי, טשאַרלי, אימיצער ליגט אין מיין בעט.

— בריק אים אַרויס, לואי. אין מיין בעט שלאָפט אויך אַ פרעמדער מאַן.

— לאָמיר זייביידן אַרויסוואַרפן.

פאַר אַ ווײַלע האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער טומל און אַ קאַמף אַרום זיי.

— איך האָב שוין מיינעם אַרויסגעוואָרפן — זאָגט לואי.

— און מיינעם האָב איך ניט געקענט בייקומען — זאָגט טשאַרלי, — ער האָט גאַר מ י ך אַרויסגעוואָרפן.

— דאָס מאַכט ניט אויס, מיין פריינט — זאָגט לואי, — קום בעסער שלאָפן מיט מיר אין מ י י ן בעט.

# ווי אַ דאָקטאָר קען העלפן

אין דעם אויפנאַם־צימער פון אַ באַוואוסטן דאָקטאָר, אַ גליד־און־מוסקול ספּעציאַליסט, איז אַריינגעקומען אַ יונג בחור'ל און גע־זאָגט, אַז ער וויל זען דעם דאָקטאָר פּריוואַט. די נוירס, וועלכע נעמט־אויף יעדן איינעם און אַראַנזשירט די וויזיטן פאַר'ן דאָקטאָר, האָט אויפגעשריבן זיין נאָמען און אַדרעס אויף אַ קאַרטל און אים אָנגעוויזן אויף אַ צימער וואו ער זאָל זיך אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט, און ווען ער וועט דערהערן אַ קלונג זאָל ער פון דאָרט אַריינגיין אין דעם נעקסטן צימער וואו דער דאָקטאָר וועט אים אויפנעמען פאַר באַהאַנדלונג.

דער יונגערמאַנטשיק האָט זיך אַביסל פאַרשעמט און געוואָלט דער נוירס עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט אים דערקלערט אַז דאָס איז די רוטין און אַזוי מוז עס זיין. דערביי האָט זי אָן עפן געטאָן די טיר פון צימער, אַריינגעלאָזן דעם באַזוכער און צוריק פאַרמאַכט.

ניט האָבנדיג קיין אַנדער ברירה, האָט דאָס בחור'ל זיך אויס־געטאָן מוטער־נאַקעט און אין עטליכע מינוטן אַרום, ווען ער האָט דערהערט דעם קלונג, איז ער אַריינגעקומען אין דאָקטאָר'ס אָפיס.

— וואָס קען איך טאָן פאַר אייך? — פרעגט אים דער דאָק־טאָר נאָכדעם ווי ער האָט שנעל דורכגעבליקט זיין גאַנצן קערפּער.

— איך בין געקומען צו אייך — זאָגט דאָס בחור'ל — בעטן פאַר אַן אַדווערטייזמענט אין אַ זשורנאַל וואָס די מאַזעפּעווקער לאַנדסלייט גייען אַרויסגעבן לכבוד זייער צען־יאָריגן יובילייאום.

# אַ לעקציע קעגן שיכרות

אַ פאָטער מיט זיין אינגסטן זון זיינען געזעסן אין אַן אָפענעם ביר־גאָרטן ביים ים, וואו זיי זיינען אַרויסגעפאָרן פאַרברייינגען אַ זונטאָג נאָכמיטאָג. האָבן זיי זיך געלאָזט וואויל־גיין און האָבן געגעסן און געטרונקען...

ווען דער קעלנער איז צוגעקומען צו זייער טיש און דער פאָטער האָט זיך געהייסן ברייינגען נאָך אַ שנאַפּס, זאָגט דער פאָטער צום זון:

— עסן עסט אַ מענש וויפיל ער דאַרף, און ווען ער ווערט זאַט עסט ער מער ניט. אָבער טרינקען טרינקט מען אַמאָל צו פיל, און וואָס מער מען טרינקט אַלץ ווייניגער פילט מען אַז מען ווערט שיכור און מען טרינקט ווייטער ביז מען פאַרלירט זיך אינגאַנצן. דערפאַר, מיין קינד, זאָלסטו זיין זייער פאָרזיכטיג ווען דו טרינקסט. דו מעגסט טרינקען שנאַפּס, וויין און ביר וויפיל דו ווילסט, אָבער קוים דערפילסטו אַז דו ווערסט שיכור זאָלסטו גלייך אויפהערן טרינקען.

— טאָ ווען קען מען וויסן אַז מען ווערט שיכור? — פרעגט דער יונגער זון.

— אַ סימן אַז מען איז שיכור — דערקלערט אים דער פאָטער — איז ווען מען זעט יעדע זאַך טאָפּל. אָט, למשל, זיצן ביי יענעם טיש אַנטקעגן אונז צוויי מענשן, איז ווען מען איז שיכור דאַכט זיך אַז דאָרט זיצן פיר מענשן.

— אָבער פאָטער — זאָגט דער זון, — דאָרט זיצט דאָך גאָר בלויז איין מאַן.

# די ווירקונג פון אַן אַפּיעל

אַ ווייט און ברייט אַדווערטייזטע פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ באַוואוסטן גרויסן זאַל אין ניו יאָרק, פאַר דעם צוועק צו פאַראינטערעסירן דעם עולם אין דער לאַגע פון אַ געוויסן טיפּ מלחמה קרבנות און שאַפן פאַר זיי די נויטיגע הילף. דער הויפּט רעדנער, דער וואָס האָט געמאַכט דעם אַפּיעל פאַר פאָנדן, האָט דעם עולם צעוואָרעמט און געשאַפן די נויטיגע שטימונג פאַר אַ דער־פאָלגרייכן אַפּרוף מיטביישטייערונגען פאַר דעם וויכטיגן צוועק.

מר. א. וועלכערמאַן איז געווען איינער פון די וואָס האָבן זיך באַגייסטערט פון דעם ווארעמען אַפּיעל, און האָט ביי זיך באַ־שלאָסן בייצושטייערן הונדערט דאָלער.

דער רעדנער האָט גערעדט און גערעדט און גערעדט — און וועלכערמאַנ׳ס ענטוזיאַזם האָט זיך גענומען אָפּקילן. האָט ער באַשלאָסן צו געבן 75 דאָלער. דער רעדנער האָט פאָרטגעזעצט און ווייטער גערעדט און גערעדט — און וועלכערמאַנ׳ס באַגייסטערונג איז אַראָפּגעפאַלן צו 50 דאָלער. מיט דער ווייטערער פאָרטזעצונג פון דעם אַפּיל איז וועלכערמאַנ׳ס באַשלוס אַראָפּגעפאַלן צו 25 דאָ־לער. ביי די לעצטע ווערטער פון דעם אַפּיל איז וועלכערמאַנ׳ס באַשלוס אַראָפּגעפאַלן צו נול (גאָרניט צו געבן). און ווען דער אַפּיל האָט זיך איינגעגאַנצן געענדיגט און מען איז אַרומגעגאַנגען מיט די טעלער צו זאַמלען די נדבות, האָט וועלכערמאַן דאָרט אַריינגעוואָרפן אַ דאַים און אַרויסגענומען אַ קוואָדער „רעשטע״...

# אויף אַ קאָנצערט פון קינסטלער

אין קאַרנעגי האָל, דער באַוואוסטער קאָנצערט־זאַל פון ניו יאָרק, איז געגעבן געוואָרן אַ פאַראייניגטער קאָנצערט פון עטליכע קינסטלער, און דער זאַל איז געווען גוט אָנגעפילט. אין דעם פּראָ־גראַם האָט זיך אויך באַטייליגט אַ נייע פּרימאַדאָנא וועמען מוזיק־ליבהאָבער זיינען נייגעריג געוועזן צו הערן. ווען די פּרימאַדאָנאַ איז אויפגעטראָטן אויף דער בינע האָט אַ גרופּע אין אַ לאָזשע זי אויפ־גענומען מיט ספּעציעלע וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן, און ווען זי האָט געענדיגט האָט איינער אין דער לאָזשע געמאַכט אַ זויערע מינע.

— דאָס איז ניט קיין פּרימאַדאָנאַ — האָט ער באַמערקט צום מאַן וואָס איז געזעסן נעקסט צו אים, אין געגנוואָרט פון די אײ־בעריגע, — זי האָט ניט קיין שטימע און האָט ניט קיין מוזיקאַלישן געפיל. איך וואָלט זי אַפילו אין אַ כאָר ניט אַריינגענומען, פע! ווער איז זי דאָס אָט די קאַליקע?

— דאָס איז מיין פרוי — האָט דער מאַן געענטפערט.

דער קריטיקער האָט זיך געפונען אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנ־הייט און ער האָט געפּרובירט פאַרריכטן זיינע אומטאַקטישע באַמערקונגען:

— דאָס איז אייגנטליך ניט איר שולד. איר שטימע איז פונ־
דעסטוועגן גאַנץ גלאַט און אנגענעם און די אינטערפּרעטאַציע איז
גאָר ניט שלעכט, נאָר דער אויסוואַל פון אירע נומערן טויג ניט.
די מעלאָדיען האָבן קיין טעם ניט און די האַרמאָניזירונג איז אַ
שרעקליכע! ווער איז ער דאָס אָט דער נייער קאַליקע?

— דאָס בין איך אַליין — האָט דער מאַן געענטפערט.

## געדולד און נערוון פּלאַצעריי

צו מיסעס קאָהען איז אומדערוואַרט און אומגעבעטן געקומען
צוגאַסט אַן אַלטע פריינדינע, וועלכע האָט איר גענודיעט און גע־
האַקט אַ טשייניק. אַ ביסל שפּעטער איז אַריינגעקומען נאָך אַזאַ
מין „גאַסט” — אַ שכנה, וועלכע וואוינט ניט ווייט פון איר הויז.
ווען די ערשטע נודניצע איז קוים אַרויסגע׳פּטר׳ט געוואָרן פון הויז,
האָט די שכנה אָנגעפאַנגען אויף איר אייגענעם חשבון:

איר האָט געטאָן אַ גוטע זאַך, וואָס איר האָט איר געזאָגט,
אַז איר פילט ניט גוט און איר ווילט זיך גיין צולייגן... אַז ניט
וואָלט זי דאָ אָפּגעזעסן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט און אייך פאַר־
נודיעט צום טויט! איך ווייס ניט וואו עס דערנעמט זיך דאָס ביי
אַ מענשן אַזוי פיל רייד! עס מאַכט זיך דאָך ביי איר דאָס מויל
ניט צו, — הייבט־אָן איין זאַך און פאַרקריכט באַלד אויף אַ צוויי־
טער, און אַלץ מוז זי דאָס אויסדערציילן מיט אַלע קלייפּערלעך,
פּונקט ווי דאָס וואָלט אייך געגאַנגען אין לעבן אַריין. עס פּאַסט
זיי גאָרניט איין, אָט־די פּאַסקודנע נודניקעס, אַז אַלע זייערע
מעשות וואָס זיי האַקן אַ טשייניק פון זיך און פון אַנדערע קריכן
קיינעם אין קאָפּ ניט, נאָר ציען אַזוי ביי דער נשמה, אַז מען פילט
ווי צו חלש׳ן. מיין מאַן זאָגט, אַז די וואָס ריידן צו פיל, וועט
מען אויף יענער וועלט אויפהייבגען פאַרן צונג און קיצלען אונטער
דער פּאַכווע ביז זיי וועלן צושפּרונגען ווערן פון געלעכטער...

פאַראַן, הערט איר, מענשן, וואָס האַלטן כסדר אין איין היר־
זשענען. אַלץ זיי לאַכן און פון יעדן איינעם מאַכן זיי חוזק. אָט
אַזאַ פאַרשוין איז מיין שוועגערין פון קוני איילאַנד. זי שפּאַט אָפּ
אַפילו פון איר אייגענער מאַמען. וואָס איז איר מאַמע נעבעך שול־
דיג, אַז זי ליידט פון אַ שלעכטן מאָגן? ס׳איז דאָך אַ ביטערער

צער אויף איר. זי האָט שוין אויסגענומען אַ וועלט מיט רעצעפּטן און זיי האָבן איר געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. אַ באַקאַנטע נוירס האָט איר געהייסן צוגיין צו אַ דיספּענסערי. די נוירס, זאָגט זי, איז שוין אַ מיידל אין די יאָרן, אָבער זי גייט שוין אַרום מיט אַ פיינעם יונגנמאַן. אַזוי איז ער אַ פיינער באַי, זאָגט זי, נאָר ער וויל געלט... אַלע ווילן געלט. אויף געלט שטייט די וועלט. וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איר געטאָן, ווען איר האָט אַ מיליאָן טאָלער, האַ? טאַקע, וואָס וואָלט איר געטאָן? — וואָס, ס'איז אייך ניט גוט, זאָגט איר? — אָט די פּאַסקודסטווע! זי וואָלט דאָך אייך געקענט פאַרנודיען צום טויט! — וואָס איז דער מער, איר חלש'ט טאַקע? אפשר זאָל איך אייך ברענגען אַ גלאָז וואַסער? אפשר אַ דאָקטאָר? אפשר... וואָס שווייגט איר? נו, אַ גוטע נאַכט. איך וועל שוין ענדיגן מאָרגן. וויפיל אַזייגער שטייט איר אויף?...

## שפּייז אָדער באַשיצונג?

פאַראַן מענשן ביי וועמען עס שפּריצט פון מויל ווען זיי ריידן. דאָס ערגסטע איז ווען זיי ריידן אַרויס אַ „פּ“. גייט־צו אַ קעלנער צום גאַסט אין רעסטאָראַן און פרעגט אים וואָס ער וויל.

— וואָס האָט איר? — פרעגט אים דער גאַסט.

— מיר האָבן — זאָגט דער קעלנער — גוטע פּ־יש (אַ שפּריץ).

— ניין — זאָגט דער גאַסט, און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט דער האַנט.

— אפשר זאָל איך אייך ברענגען אַ גוט שטיקעלע פּ־לייש? (אַ שפּריץ).

— ניין, ניין — זאָגט דער גאַסט, און ציט זיך אָפּ אַ ביסל.

— אפשר זאָל איך אייך גאָר ברענגען אַ גוטן טעלער פּ־אַר־פּ־ל? (אַ פּליוך).

— אַ ניין, ניין — זאָגט דער גאַסט, זיך אָפּרוקנדיג און זיך ווישנדיג דאָס פּנים.

— טאָ וואָס דען זאָל איך אייך ברענגען?

— ברענגט מיר צוערשט אַ רעגנשירעם...

## טאָ וואָס איז ער פאַרט?

אַ באַלעבאָס אין אַ היימיש שטעדטל האָט באַשטעלט ביי אַ שוסטער אַ פּאָר שיך. נאָך אַ לאַנגן וואַרטן זיינען די שיך קוים פאַרטיג געוואָרן, אָבער ווען דער באַלעבאָס האָט זיי אָנגעטאָן האָבן זיי אים גאָרניט געפּאַסט.

— ר׳ יאַנקל — זאָגט דער באַלעבאָס צום שוסטער, — איך וויל זיך מיט אייך ניט אויסטענה׳נען, אָבער איך וויל אייך בלויז זאָגן, אַז איר זייט גאָרניט קיין שוסטער!

— וואָס הייסט איך בין ניט קיין שוסטער? — זאָגט דער שוסטער אַ באַליידיגטער, — שוין 30 יאָר ווי איך בין אין דעם שוסטער־פאַך און דאָ קומט איר און זאָגט, אַז איך בין גאָרניט קיין שוסטער.

— אויב אַזוי — זאָגט דער באַלעבאָס בייז — וועל איך אייך שוין זאָגן, אַז איר זייט טאַקע אַ שוסטער!

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט זאָגט איר, אַז איך בין אַ שוסטער, האַ? — בייזערט זיך שוין דער שוסטער אויפגערעגט, — איך מאַך די פיינסטע אַרבייט אין שטעדטל, און דאָ רופט איר מיך גאָר „שוסטער״! — איר זייט אַליין אַ שוסטער!!

## גערעכטיגקייט צום אידן

אַ אידישער פעדלער איז אַריינגעפאַרן אין אַן אַמעריקאַנער שטעדטל צו פאַרקויפן קאָסמעטישע אַרטיקלען. פריינטליכע מענשן האָבן אים געוואָרנט ער זאָל זיך היטן פאַר דעם שעריף וועלכער פאַרפאָלגט יעדן איינעם וואָס קומט דאָ פאַרקויפן סחורה אָן אַ פּער־מיט (דערלויבעניש). דער איד האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט, אַז ער וועט זיך שוין אַן עצה געבען.

ווען דער איד האָט אויף אַ ליידיגן פּלאַץ געהאַלטן אין פאַר־קויפן זיינע אַרטיקלען צו אַ נייגעריגן עולם, האָט איין מאַן ביי אים געקויפט אַ פלעשל פאַרפומע פאַר איין דאָלער. ווען דער מסחר איז געמאַכט געוואָרן זאָגט דער מאַן צו אים:

— איצט, אַז איר האָט מיר אַליין פאַרקויפט אַן אַרטיקל, וויל איך אייך זאָגן, אַז איך בין דאָ דער שעריף און איך וויל וויסן

אויב איר האָט אַ פּערמיט צו קענען פאַרקויפן אין דעם סטעיט.

— געוויס — זאָגט דער איד, און האָט מאָמענטאַל אַרויסגענומען פון קעשענע זיין פּערמיט און געוויזן דעם שעריף.

— איר פאַרשטייט דאָך — זאָגט דער שעריף אַן אַנטוישטער, — אַז איך האָב די פאַרפומע געקויפט כדי צו האָבן אַ באַווייז קעגן אייך, אָבער איצט דאַרף איך דאָס ניט. וועט איר עס פון מיר צוריק אָפּקויפן ?

— מיט פאַרגעניגן — זאָגט דער איד, — פופציג סענט קריגט איר פאַר דעם.

דער שעריף האָט זיך געקווייקלט, אָבער ער האָט דעם פּעדלער דערלאַנגט די פלעשל פאַרפומע און דער פּעדלער האָט אים באַצאָלט פופציג סענט.

— איצט, אַז איר האָט מיר פאַרקויפט אַן אַרטיקל — זאָגט דער פּעדלער, — וויל איך וויסן אויב איר האָט אַ פּערמיט צו קענען פאַרקויפן אין דעם סטעיט.

— מאַכט זיך ניט נאַריש — ענטפערט דער שעריף איראָניש, — איך דאַרף ניט קיין פּערמיט.

— איר דאַרפט יאָ אַ פּערמיט — זאָגט דער איד שטריינג, — דאָס געזעץ איז פאַר אַלעמען גלייך, ניטאָ קיין יחסנים. האָט איר אַ פּערמיט אָדער ניין ?!

— ניין ! — ענטפערט דער שעריף בייז.

— טאָ קומט מיט מיר אין קאָרט.

בקיצור, דער שעריף האָט באַצאָלט צען דאָלער שטראָף פאַר'ן פאַרקויפן אָן אַ פּערמיט און 25 דאָלער שאָדנערזאַץ צום אידן פאַר שטערן אים אין ביזנעס.

## „ישראל בין העמים"...

ישראל נאַדלזאָן האָט געעפנט אַ קליידער געשעפט אין אַ נייעם קריסטליכן געגנט. איז עס אים אָוועקגעגאַנגען זייער גוט און זיין

דערפֿאָלג איז געוואַקסן פֿון טאָג. עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און די לײדיקע קראָם נעקסט צו זײַן רעכטער זײַט איז פֿאַרנומען געוואָרן פֿון אַ קריסטלעכן קאָנקורענט. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט זיך געעפֿנט נאָך אַ קריסטלעכע קלײדער קראָם — די נעקסטע טיר צו זײַן לינקער זײַט.

האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ קאָנקורענץ אין שנײַדן פּרײַזן, וואָס האָט אַלע דרײַ קאָנקורענטן פֿיל שאָדן געבראַכט.

אין אַ שײנעם טאָג האָט זיך באַוויזן אַ שילד איבער דער קראָם פֿון נאָדלזאָנ׳ס רעכטער זײַט, וואָס האָט זיך געלײענט אַזוי: „גרויסער אויספֿאַרקויף, פּרײַזן געשניטן, מיר גײען אַרויס פֿון ביזנעס״. דאָס האָט געצוואונגען זײַן צווייטן קאָנקורענט, פֿון דער לינקער זײַט, צו נעמען ענלעכע שריט און איז אַרויסגעקומען מיט אַ שילד איבער זײַן קראָם וואָס האָט זיך געלײענט: „אויספֿאַרקויף, אויספֿאַרקויף! סחורה אונטערן פּרײַז, מיר ציִען אַרויס פֿון דאַנען״.

ישׂראל נאָדלזאָן האָט אײַנגעזען, אַז ער וועט באַלד פּטור ווערן פֿון זײַנע צוויי קאָנקורענטן. און כּדי דערוויַיל צו פּראָפֿיטירן פֿון דעם אויספֿאַרקויף וואָס זיי פֿירן־אָן האָט ער איבער זײַן קראָם, צווישן די צוויי שילדן פֿון זײַנע קריסטלעכע קאָנקורענטן, אַרויסגעשטעלט אַ גרויסן שילד מיט דעם פֿאָלגנדן אויפֿשריפֿט: „הויפּט אַרײַנגאַנג צום גרויסן אויספֿאַרקויף״.

## אַ שרייבער גיט זיך אַן עצה

אַן אַמאַטאָרישער אידישער שרייבער האָט זיך געזעצט שרייבן אַ בריוו צו אַ רעדאַקטאָר, וואו ער לאָזט אים וויסן, אַז ער שיקט אים צוויי אַרטיקלען צו דרוקן. איז ער אָבער ניט געווען זיכער צי מען דאַרף שרייבן „אַרטיקלען", „אַרטיקלעך", אָדער „אַרטיקלס". האָט ער באַשלאָסן אַזוי צו שרייבן:

„איך שיק אייך דאָ אַן אַרטיקל צו דרוקן און צוזאַמען מיט דעם אַרטיקל שיק איך אייך נאָך אַן אַרטיקל"...

## פון די גרויסע מענשן

אַ מאַן, וועלכער איז באַקאַנט געווען פאַר אַ באַרימער, האָט דערציילט, אַז ער איז אַ לאַנגערע צייט געווען אין לאָנדאָן און איז דאָרט באַקאַנט געווען מיט די גרעסטע מענשן פון ענגלאַנד.

— און מיט די דאַרדאַנעלן האָט איר זיך דאָרט באַקענט? — האָט אים אַ ליץ אַ פרעג געטאָן.

— שייך באַקענט — ענטפערט דער באַרימער, — איך האָב מיט זיי וויפיל מאָל צוזאַמען מיטאָג געגעסן.

## אויב עס לאָזט זיך גלויבן

דערציילט איינער אַזאַ מעשה:

פאַראַן הינט, וואָס האָבן אין זיך אַזאַ בייז בלוט, אַז ווען מען ברענגט זיי אַריין אין כעס קענען זיי יענעם צורייסן. אַמאָל האָב איך צוגעזען ווי צוויי אַזעלכע הינט האָבן זיך צוקריגט איינער מיט דעם אַנדערן. האָבן זיי זיך געריסן און געביסן און געפרעסן איינער דעם צווייטן. אַזוי לאַנג, הערט איר, האָבן זיי זיך געביסן און געפרעסן — יאָ, טאַקע פשוט געפרעסן איינער דעם אַנדערן — ביז אויף דער גאַס זיינען געבליבן ליגן צוויי עקלעך...

## וועמען עס קומערט אַ קראַנק

אַ מאַן האָט זיך קורירט ביי אַ דאָקטאָר אויף אַ קראַנק האַרץ, וואָס פלעגט אים אָפטמאָל פאַראורזאַכן געשוואָלענע פיס. נאָך אַ

פּאָר חדשים קוראַציע האָט דער דאָקטאָר אים אונטערזוכט און פאַרזיכערט, אַז זיין האַרץ איז שוין פולשטענדיג געזונט.

— דאָקטאָר — זאָגט דער פּאַציענט, — אָבער מיינע פיס ווערן נאָך אַלץ געשוואָלן.

— דאָס קימערט מיך ניט — האָט דער דאָקטאָר אים גע־פּרובירט באַרואיגן.

— נו יאָ, דאָקטאָר — זאָגט דער פּאַציענט, — ווען אייערע פיס זאָלן ווערן געשוואָלן וואָלט מיך אויך ניט געקימערט.

## אַ גוטהערציגער „ברודער"

אַ פּרעזידענט פון אַ לאַנדסלייט פאַראיין האָט פונאַנדערגע־שיקט אַ בריוו צו די „ברידער" זיי אויפפאָדערנדיג אַריינצושיקן אַביישטייערונג פאַר אַ פאָנד אַרויסצוהעלפן אַ „ברודער" וואָס איז פאַראומגליקט געוואָרן. אַ מיטגליד, וועלכער איז מיט דעם פאַר־אומגליקטן געווען צוקריגט, האָט צום פּרעזידענט אַריינגעשיקט בלויז איין דאָלער מיט אַזאַ צושריפט:

„אַזוי ווי איך בין מיט ברודער קריפּלמאַן צוקריגט, שיק איך אייך פאַר אים בלויז איין דאָלער. אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איך וואָלט מיט פאַרגעניגן געגעבן צען מאָל אַזוי פיל ווען דאָס וואָלט געווען פאַר אייך אַליין.

## ווער עס קען בעסער לייענען

דער סעקרעטאַר פון אַ געשעפט האָט געפּרובירט פאַרלייענען פאַר זיין באַלעבאָס אַ נויטיגן בריוו וואָס איז אָנגעקומען. האָט ער זיך אָבער געמאַטערט און ניט געקאָנט דורכקריכן. דער באַלעבאָס איז געוואָרן אומגעדולדיג און געכאַפּט אַ זייטיגן קוק אין בריוו־אַריין ווען יענער האָט זיך געמאַטערט אים צו לייענען.

— וואָס איז דער מער מיט דיר — זאָגט דער באַלעבאָס מיט בייזער, — אַזאַ לייכטע האַנטשריפט קענסטו ניט דורכ־קריכן? אַפילו אַ בהימה קען דאָך דאָס לעזן! טאָ ווייז שוין אַהער, ווייז, און איך וועל אים לייענען אַליין.

## ווי אַזוי ער איז ניצל געוואָרן

אַ יונגערמאַן האָט דערציילט פון דעם גרויסן נס, וואָס מיט

אים האָט פּאַסירט ווען פינף פון זיינע פריינט זיינען דערטרונקען געוואָרן ווען דאָס שיפל האָט זיך איבערגעקערט, און ער איז גע־בליבן לעבן.

— ווי אַזוי האָט איר זיך געראַטעוועט? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך האָב זיך געראַטעוועט דורך דעם, וואָס איך בין אין זייער שיפל ניט געווען...

## אַ מעסערל מיט אַכט מעלות

איינער האָט אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט אַ מעסער'ל מיט אַכט מעלות — און ער האָט זיי אויסגערעכנט אויף די פינגער: ער איז אַ פליישיגער, אַ מילכיגער, אַ פּאַרעווער, אַ פּסח'דיגער, אַ חמץ'דיגער, אַ כשר'ער, און אַ טריפ'ער.

— דאָס איז דאָך אָבער זיבן — האָט אים איינער אָנגעוויזן, — טאָ וואָס איז זיין אַכטע מעלה?

— אָ יאָ — האָט יענער זיך געכאַפּט, — זיין אַכטע און גרעסטע מעלה איז, וואָס ער איז אַ גע'גנב'עטער...

## ער ווייס דעם ריכטיגן סוד

דער מילך מאַן איז געקומען צו זיין קונד איינמאָנען דאָס געלט פאַר דער מילך, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דורך דער וואָך.

— אייער מילך איז די לעצטע צייט געמישט מיט וואַסער — באַקלאָגט זיך די באַלעבאָסטע — און איך דיינק, אַז איך וועל אויף ווייטער קויפן מיינע מילך ביי אַן אַנדערן.

— קיין בעסערע מילך וועט איר אין ערגעץ ניט קריגן, מאַדאַם — פאַרזיכערט איר דער מילך מאַן. — ווערכער נאָר וועט עס הייני־טיגע צייטן געבן ריינע מילך? סאַידן אַ בהימה...

## ווער עס איז באַגלויבט

אַ מאַן איז צוגעקומען צו אַ פענסטערל פון אַ קאַסירער אין אַ באַנק און געפרעגט אויב ער וועט אים קאַסירן ראַקעפעלער'ס אַ וועקסל.

— מיט פאַרגעניגן — האָט דער קאַסירער געענטפערט. אָבער ווען דער מאַן האָט אים דערלאַנגט דעם וועקסל האָט ער פאַרוואונ־דערט אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— דער וועקסל האָט דאָך גאָרניט קיין אונטערשריפט.

— און אַז אָן אַן אונטערשריפט — זאָגט דער מאַן — איז ראַקעפעלער ביי אייך ניט באַגלויבט?

## וואָס איין וואָרט קען אויפטאָן

אין אַ בריוו צו אַן אַלטן פריינט האָט איינער געשריבן, אַז איבער אַ געוויסן וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט זיין ווייב האָט זי זיך פאַר׳ברוגז׳ט און רעדט ניט צו אים שוין אַ פּאָר חדשים.

אויף דעם נעקסטן טאָג האָט ער פון זיין פריינט געקראָגן אַ טעלעגראַפישן ענטפער וואָס האָט זיך אַזוי געלייענט:

„האָב רחמנות, לאָז מיר גלייך וויסן וואָס דאָס איז פאַר אַ וואָרט״.

## אַן איינפאַל פון אַ שמש

— דעם נעקסטן מאָל, אַז איר וועט עסן אום יום כפור, זאָלט איר ניט לאָזן קיין ברעקלעך אויף אייער באָרד — זאָגט דער שמש צום חזן נאָך דעם יום כפור׳דיגן מוסף.

דער חזן איז געוואָרן רויט און נערוועז זיך גענומען ווישן זיין באָרד.

— איך האָב בלויז געשפּאַסט — זאָגט ווייטער דער שמש מיט אַ שמייכל, — איך האָב נאָר געוואָלט אויסגעפינען אויב מיין פאַרדאַכט איז באַרעכטיגט.

## שווער זיך צו שיידן

דער קראַנקער האָט שוין געהאַלטן ביים אויסגיין און האָט קוים געזשיפעט. אַרום זיין בעט זיינען געווען פאַרזאַמלט זיין ווייב מיט די קינדער און עטליכע קרובים. די שטימונג איז געווען אַ גע־דריקטע און זיין ווייב, מיט וועמען ער האָט ניט געהאַט קיין גליקליך לעבן, האָט געכליפּעט אין דער שטיל. פּלוצים האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער:

— משה, משה, לאָז מיך ניט איבער אַליין...

דער קראַנקער האָט שווער געעפנט די אויגן און מיט מאַטער־ניש לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

— אַל־דיי־ט, קו־ם מי־ט מי־ט מי־ר...

## אַ געטליכער חשבון

איינער האָט געהערט דאָס עס שטייט געשריבן, אַז גאָט זאָגט: „דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער געהערט מיר". עס שטייט אויך, אַז טויזנט יאָר איז ביי גאָט ווי בעכטן. האָט ער זיך אַוועק־געשטעלט תפלה טאָן צום אויבערשטן מיט אַזאַ געבעט:

„רבונו של עולם, רייך ביזטו אַז טויזנט דאָלער איז ביי דיר אַ סענט, און טויזנט יאָר איז דאָך ביי דיר אַ מינוט — טאָ ליי מיר, רבונו של עולם, איין „סענט" פאַר איין „מינוט"...

האָט דער אויבערשטער אויסגעהערט זיין תפלה און אים גע־ענטפערט: וואַרט אַ „מינוט"...

## ווער איז נעבעך אַ מענש?

אין דער אַלטער היים רופט מען אַן אָנגעשטעלטן פאַר אַלגע־מיינע היימישע אַרבייט אַ „מענש". מען זאָגט, למשל, „ער איז ביי מיר אַ מענש". קריגט זיך אַמאָל אַ באַלעבאָס מיט זיין „מענשן" און בייזערט זיך אויף אים:

— דו מיינסט דו האָסט דאָ צו טאָן מיט אַ מענשן? אין מיין פאַמיליע זיינען זיי צו דאַנקען קיין מענשן ניטאָ. מיין טאַטע איז קיין מענש ניט געווען און איך, הלואי ווייטער, בין אויך קיין מענש ניט. אָבער דו, דו ביזט געווען אַ מענש און דו וועסט בלייבן אַ מענש!

## אָט דאָס הייסט פּייאיגע מענער!

צוויי ווייבער האָבן זיך צורעדט וועגן די גרויסע פּייאיגקייטן פון זייערע מענער. זאָגט איינע: „מיין מאַן האָט אַ וואונדערליך שאַרפע ראיה. ווען ער קוקט דורכ'ן פענסטער אַריין אין דעם הויז פון אונזער אַנטקעגנדיגן שכן, זעט ער יעדעס מאָל ווען דער שכן שלאָגט זיך מיט דער דעה...

— און מיין מאַן — באַרימט זיך די אַנדערע — איז זייער אַ פייאיגער מענש. אַזוי שנעל ווי ער האָט פאַרלאָרן זיין רעכטע האַנט האָט ער גלייך אַנגעפאַנגען צו שערן זיינע נעגל מיט דער לינקער האַנט פונקט אַזוי לייכט ווי פריער מיט דער רעכטער...

## איז דאָס טאַקע אַ שיינע וועלט?

אַ רוסישער גענעראַל האָט באַשטעלט ביי אַ אידישן שניידער אַ פּאָר הויזן. האָט עס אים גענומען וואָכן־לאַנג זיי פאַרטיג צו מאַכן. ווען דער גענעראַל איז ענדליך געקומען זיי אָפּנעמען זאָגט ער צום אידן:

— פאַרוואָס האָט עס דיר גענומען אַזוי לאַנג זיי צו מאַכן? זע, גאָט האָט אַזאַ שיינע, פּראַכטפולע וועלט, געמאַכט אין זעקס טעג, און ביי דיר האָט בלויז אַ פּאָר הויזן צו מאַכן גענומען עט־ליכע וואָכן.

— דאָס איז ביי דיר אַ שיינע וועלט? — זאָגט דער איד, — פע, דאָס איז אַ מיאוס׳ע, אַ פּאַסקודנע און פאַרדאָרבענע וועלט, אָבער זע די הויזן!...

## שווערע אָפּעראַציעס אין דייטשלאַנד

אין דייטשלאַנד איז אַן אַמעריקאַנער אַריינגעקומען ביי אַ צאָן־דאָקטאָר צו לאָזן זיך אַרויסציען אַ צאָן. האָט דער דענטיסט אים געזאָגט פאָראויס, אַז דאָס דאַרף אים קאָסטן 25 דאָלער.

— וואָס רעדט איר — וואונדערט זיך דער פּאַציענט, — פאַר איין צאָן אַרויסציען אַזאַ גרויסע סומע? ביי אונז אין אַמעריקע קאָסט עס בלויז צוויי דאָלער.

— ביי אייך אין אַמעריקע — ענטפערט דער דענטיסט — איז דאָס אַ לייכטע זאַך. דער פּאַציענט עפנט דאָס מויל און מען ציט אים אַרויס זיין צאָן. דאָ אָבער מוז מען דעם צאָן נעמען דורכ׳ן אויער — אַ שווערע אָפּעראַציע — ווייל דאָ אין דייטשלאַנד טאָר מען אַ מויל ניט עפענען...

## זאַכן וואָס קימערן אים ניט

אַ שדכן איז געקומען צו אַ יונגעמאַן אים ריידן אַ שידוך

מיט אַ מיידל פֿון אַ פֿיינער פֿאַמיליע און מיט אַ גרויסן נדן, און דער יונגערמאַן האָט זיך פֿאַראינטערעסירט.

— אָבער — זאָגט דער שדכן — זי איז אַ שטומע און הינקט אויף אַ פֿוס.

— דאָס קימערט מיך ניט — זאָגט דער יונגערמאַן אַנטשלאָסן.

— איר מיינט עס ערנסט? — וואונדערט זיך דער שדכן.

— געוויס — פֿאַרזיכערט אים דער חתן־בחור, — פֿאַרוואָס זאָל דאָס מיך קימערן? אַז איך וועל זי, מיט אַזעלכע פֿעלערן, סײַ ווי ניט הייראַטן.

## וועגן וואָס ער זאָרגט

איינער האָט פֿאַר יאָרן־לאַנג געהאַט אַן אַמביציע צו ווערן דער פּרעזידענט פֿון אַ געוויסער יוניאָן. זײַן אַמביציע איז ענדליך טיילווייז דערגרייכט געוואָרן דערמיט וואָס זײַן נאָמען איז אַרויפֿגעשטעלט געוואָרן אויפֿ׳ן וואַל־צעטל פֿאַר דערוויילונג.

— וואָס וועט איר טאָן אַז איר וועט דערוויילט ווערן? — האָט מען אים געפֿרעגט אויף אַ קאַמפּיין פֿאַרזאַמלונג.

— וועגן דעם זאָרג איך ניט — האָט דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט געענטפֿערט, — איך קלער נאָר וואָס וועל איך טאָן אויב איך וועל, חלילה, ניט דערוויילט ווערן.

## דער וויכטיגסטער אין דער געזעלשאַפֿט

אַ באַוואוסטער שטאָדטישער קלוב האָט אַרויסגעשטעלט אַ גרויסן טאָוול צו דער גאַס מיט אַן איבערשריפֿט, אַז יעדער איינער איז ווילקאָמען דאָ אָנצושרייבן מיט וואָס ער דינט דער געזעלשאַפֿט.

אַ פּאָליציימאַן האָט אָנגעשריבן „איך באַשיץ אַלעמען״.

אַן אַדוואָקאַט האָט אָנגעשריבן „איך פֿאַרטיידיג אַלעמען״.

אַ רב האָט אָנגעשריבן „איך בעט פֿאַר אַלעמען״.

אַ דאָקטאָר האָט אָנגעשריבן „איך פֿאַרשרייב פֿאַר אַלעמען״.

אַ פּשוט׳ער מענש האָט דאָס אַלץ איבערגעלייענט און צוגע־שריבן „און איך צאָל פאַר אַלעמען״.

## ווי מען פייערט „מוטער׳ס טאָג״

די זין מיט די טעכטער פון דער אַלטער מיסעס גוטמאַן האָבן זיך היינט געפּילט יום־טוב׳דיג. ס׳איז היינט דער אַמעריקאַנער יום־טוב „מאַדער׳ס דיי״, דער טאָג פון יאָר ווען קינדער גיבן אָפּ כבוד זייער מאַמען.

— מאַמע — זאָגט די עלטסטע טאָכטער, — היינט, לכבוד „מאַדהער׳ס דיי, וועלן מיר אַלע גיין עסן אין אַ רעסטאָראַן און מיר וועלן דיך פאַרשפּאָרן די אַרבייט פון קאָכן פאַר אונז. דו וועסט נאָר דאַרפן קאָכן פאַר זיך אַליין.

## ס׳איז ניט געהערט געוואָרן

צוויי טויבע פרויען האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין גאַס און געהאַט אַזאַ שמועס:

— היינט איז ווינטיק.

— ניין, היינט איז ניט דינסטיק נאָר דאָנערשטיק.

— איך בין טאַקע אויך דאָרשטיק. לאָמיר גיין האָבן אַן אייז־קרים סאָדע.

## צווישן פאָרשער און דערפינדער...

צוויי בטלנים האָבן זיך גע׳חקירה׳ט וועגן דעם שכל פון עלעק־טריציטעט; דער וואונדער וואָס, אַז מען גיט אַ קוועטש אַ קנעפּל ביי איין ברעג פון דראָט גיט אַ קלונג אויף דעם אַנדערן ברעג.

— דאָס איז גראָדע אַ געזעץ פון דער נאַטור — חקירה׳ט איינער. — דאָס קען מען דערקלערן מיט אַ משל פון אַ הונט. — אַ הונט האָט די טבע (טעווע), אַז ווען מ׳גיט אים אַ קוועטש ביים עק גיט ביי אים אַ קוויטש דאָס מויל... אָט דאָס אייגענע איז דער שכל פון עלעקטריק.

## עקאנאמיע דורך דער מלחמה

דורך דער צייט פון מלחמה איז די אמעריקאנער באפעלקערונג אויפגעפאדערט געווארן צו זיין עקאנאמיש. אזוי איז, למשל, איינ־געפירט געווארן א באשריינקונג אויף אויטאמאביל רייזעס, און עס ווערט אויך געפאדערט אז צוליב עקאנאמיע זאלן זיך צוזאמענ־נעמען א פאר מענשן, אדער מער, צו פארן אויף איין אויטאמאביל.

— אזא עקאנאמיע — זאגט איינער — האב איך געזען אפילו צווישן ארטיסטן אויך. איך בין לעצטע וואך געווען צו א קאנצערט אין קארנעגי האל, האב איך דארט געזען ווי א מאן און א פרוי האבןביידע געשפילט אויף איין פיאנא.

## וועט קיין פיינער מאן ניט זיין

א יונגע פרוי איז אריינגעקומען אין א טעמפל מיט א בייבי אויף דער האנט. דער ראביי האט דאס באמערקט, איז ער צו איר צוגעגאנגען מיט א פריינטליכער באגריסונג, געבעטן איר זיצן, און געוואונשן דאס איר קינד זאל אויסוואקסן א פיינער, ערליכער, און אנשטענדיגער מאן.

— מיין בייבי וועט שוין קיין פיינער און אנשטענדיגער מאן קיינמאל ניט זיין — זאגט די פרוי.

— פארוואס ? — וואונדערט זיך דער ראביי.

— ווייל מיין בייבי איז א מיידל.

## געטראפן און ניט געטראפן

יאנקעלע האט געפרעגט זיין רבי'ן דעם טייטש פונ'ם ווארט „צמר" (וואל).

— דו ווייסט ניט וואס צמר איז ? — וואונדערט זיך דער רבי, — דו האסט דאך דאס ניט לאנג צוריק געלערנט. צמר איז אן ארטיקל וואס קומט פון א שעפס. קענסטו זיך שוין דערמאנען וואס דאס איז ?

יאנקעלע האט געטראכט און זיך ניט דערטראכט.

— פון וואָס איז דיין רעקל געמאַכט? — פּרובירט ווייטער דער רבי אים אַנדייטן.

— פון מיין טאַטנס אַ פּאָר הויזן — ענטפערט יאַנקעלע נאַאיוו.

## אַ פּראַקטישער חשבון

אַ יונגערמאַן, אַ פּראָבען־רייזענדער, האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק אויף אַ געוויסן ביזנעסמאַן אין שטעדטל וואו ער איז אַריינגעפאָרן. נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרטיג געוואָרן מיט אַ באַשטעלונג פון סחורה, האָט דער ביזנעסמאַן אים איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אים צו באַקענען מיט זיינע טעכטער.

— איך האָב אַ טאָכטער, 25 יאָר — זאָגט דער ביזנעסמאַן, — ווען איך גיב טויזנט דאָלער נדן; אַ צווייטע טאָכטער, 30 יאָר, גיב איך דריי טויזנט; אַ דריטע טאָכטער, 35 יאָר, גיב איך 6 טויזנט; אַ 40־יעריגע טאָכטער גיב איך צען טויזנט.

— האָט איר ניט אפשר אַ 50־יעריגע טאָכטער? — פרעגט אים דער יונגערמאַן נייגעריג.

## וואו געזעלשאַפטליכקייט הערשט

אין אַ וואַגאָן איז געזעסן אַ איד און אַנטקעגן אים, אויף דער צווייטער זייט, איז געזעסן אַ איטאַליענער. האָט דער איד באַמערקט ווי דעם איטאַליענער'ס טשעמאָדאַן רוקט זיך ביסלעכווייז אַראָפּ פון פּאָליצע און האָלט ביים פאַלן דעם איטאַליענער אין קאָפּ אַריין. האָט ער דעם איטאַליענער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם.

— זאָל דיך ניט קימערן פאַר מיר — האָט דער איטאַליענער געענטפערט אומצופרידן, — הלמאי קימערט מיך ניט פאַר דיר? אָט זע איך ווי דיין רעקל ברענט שוין אפשר אַ שעה, און עס אַרט מיך אויך ניט.

## באַפרייט פון „דרעפט"

דריי איטאַליענישע יונגעלייט אין אַמעריקע, אַנהייגער פון מוסאָליני'ן, וועלכע זיינען גערופן געוואָרן צום נאַציאָנאַלן מילי־

טערישן „דרעפט", האָבן דורכגעמאַכט דעם פיזישן עקזאַמען פון זייער געזונט־צושטאַנד.

דער ערשטער איז אַרויסגעקומען פון דאָקטאָר׳ס אָפיס צו זיינע פריינט אַ פאַרטרויערטער — אַנגענומען.

דער צווייטער איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן פּנים, פון וועלכן די אַנדערע צוויי פריינט האָבן פאַרשטאַנען אַז ער איז אויך אַנגענומען.

דער דריטער איז אַרויסגעקומען מיט אַ שטראַלנדיק פּנים און פריילעך אויסגערופן: באַפרייט! — איך האָב קאָנסאָמפשאָן!

## ער פאָלגט דעם קאַפּיטאַן

אַ סאָלדאַט איז געגאַנגען אין גאַס רויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס און האָט אַנגעטראָפן אַ הויכן אָפיציר. ער מיט דעם אָפיציר האָבן זיך אַנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, אָבער ער האָט דעם אָפיציר ניט סאַלוטירט. דער אָפיציר האָט זיך דאַן אומגעקערט און צוגערופן דעם סאָלדאַט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך ניט סאַלוטירט! — פרעגט אים דער אָפיציר שטריינג.

— אונזער קאַפּיטאַן האָט אונז אַנגעזאָגט — פאַרענטפערט זיך דער סאָלדאַט — אַז מיר זאָלן קיינמאָל ניט סאַלוטירן מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל...

## אַן אויסגעצייכנטער מאַנטל

אַן אָרימאַן האָט זיך אַמאָל באַרימט, אַז ער האָט אַ מאַנטל וואָס איז גוט אויף אַלע יום־טובים: פּסח איז אין אים ניטאָ קיין ברעקל; שבועות איז ער פאַרגרינט און האַלט זיך מיט תיקון; ראש השנה בלאָזט אין אים פון אַלע זייטן; יום כפור טויג ער אויף כפרות; סוכות איז ער צולעכערט ווי דאָס סוכה־דעכל; חנוכה איז ער פול מיט לאַטקעס, און פּורים צושיט ער זיך אויף מאָן...

## ניט דער ריכטיגער פלאַץ

אַ איד איז אַריינגעקומען דאַוונען אין אַ מאָדערנער שול. איין עטליכע מינוטן אַרום האָט ער זיך גוט אויסגעכראָקעט און אויסגעשפּייט גלייך אויף דעם דיל. דער שמש האָט דאָס באַמערקט, איז ער צוגעגאַנגען צו אים און אים אויסגערעדט פאַר דעם.

— איר מעגט זיך שעמען צו טאָן אַזאַ זאַך אין אַ טעמפּל! — מוסר'ט אים דער שמש.

— אָ, דאָס איז גאָר אַ טעמפּל? — פאַרענטפערט זיך דער איד, — איך האָב געמיינט אַז דאָס איז בלויז אַ שול.

## אין צווייען איז שטאַרקער

אַ פּאַציענט מיט אַ קראַנקער פוס איז אַריינגעקומען צו אַ פּראָפעסאָר צו לאָזן זיך אונטערזוכן און קורירן זיין פוס. ווען ער האָט אין דעם פּראָפעסאָר'ס געגנוואַרט אויסגעטאָן זיין שוך מיט דער זאָק, האָט דער פּראָפעסאָר זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער נאָז...

— איר האָט אייער פוס געדאַרפט פריער אָפּוואַשן איידער איר זייט געקומען צו מיר — זאָגט דער פּראָפעסאָר.

— זעט איר, פּראָפעסאָר — זאָגט דער חולה, — מיין דאָקטאָר האָט מיר טאַקע אויך געזאָגט דאָס זעלביגע, נאָר איך האָב מיר געטראַכט פון זיכערקייט וועגן צו הערן אייער עצה אויך.

## אַ באַרעכטיגונג צו שיכור'ן

דער רב פון שטעדטל האָט געפרעגט אַ געוויסן אידישן שיכור ווי־אַזוי ער שעמט זיך דאָס ניט צו שיכור'ן טאָג און נאַכט.

— פאַרוואָס זאָל איך זיך שעמען? — האָט דער שיכור געענטפערט מיט אַ פראַגע, — שלמה המלך האָט געמעגט שיכור'ן, מעג איך דאָך אודאי שיכור'ן.

— שלמה המלך האָט גע'שיכור'ט? — פרעגט אים דער רב, — פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

— וואָס הייסט פון וואַנען איך ווייס — ענטפערט דער שיכור,

— שלמה המלך איז געווען אַזאַ גרויסער חכם, דיינקט איר אַז ער האָט גאָרניט געשיכור׳ט?

## וואָס מיינט אַ לעמעשקע?

אַ מאַן האָט איינגעלאַדן זיין נייעם שותף צו סאַפּער (אָונט־מאָלצייט) אין זיין היים. ווען זיי האָבן אַלע געהאַלטן אין מיטן עסן גיט זייער אַכט־יעריג טאָכטער׳ל אַ פרעג:

— מאַמע, וואָס איז אַ לעמעשקע? פאַרוואָס דערלאַנגסטו דאָס ניט צום טיש?

— וואָס פעלט דיר איין אַזאַ זאַך? — פרעגט איר די מאַמע פאַרוואונדערט אין געגנוואַרט פון די איבעריגע ביים טיש.

— איך האָב דאָך נעכטן געהערט ווי פאַפּאַ האָט דיר געזאָגט, אַז ער וועט היינט ברייגען אַ לעמעשקע פאַר סאַפּער.

## לעבנס־פאַרזיכערונג און נויט

אַ גרינער אין אַמעריקע האָט אַרויסגענומען אַ לעבנס־פאַרזיכערונג פאָליסע אויף אַ פּאָר טויזנט דאָלער און פּינקטליך געצאָלט די פערטל־יערליכע פּרעמיעס. אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער אויפגעהערט צאָלן, און ווען דער פאַרזיכערונג געזעלשאַפט איז נמאס געוואָרן שיקנדיג אים בילס האָט זי אים געשיקט אַ שטרייגגען בריוו וועגן דעם.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די געזעלשאַפט דערהאַלטן אַן ענטפער פון דעם פאָליסי־האַלטער׳ס ווייב, וואו זי שרייבט אַזוי: „עס טוט מיר לייד וואָס איך קען ניט אָנהאַלטן די צאָלונגען אויף מיין מאַנ׳ס פאָליסע, ווייל ער איז געשטאָרבן שוין איבער אַ יאָר און איך בין אין זייער אַ געדריקטער לאַגע“.

## אַז געשטאָרבן, איז געשטאָרבן

אַ פּראָמינענטער מאַן פון אַ קליין שטעדטל איז אומגעוואָרפן געוואָרן פון אַן אָטאָמאָביל און איז אַ ביסל צוקלאַפּט געוואָרן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער איבערראַשט געוואָרן צו לייענען אין

ציימונג פון דער גרויסער נאָענטער שטאָדט, אַז ער איז אַריבער־געפאָרן געוואָרן און איז אויפ׳ן פּלאַץ געשטאָרבן פון די וואונדן.

אַן אויפגערעגטער האָט ער גלייך געשריבן אַ בריוו צו דער ציימונג און געפאָדערט אָפּצולייקענען דעם פאַלשן באַריכט. אָבער די ציימונג האָט זיך אַנטזאָגט דאָס צו טאָן, דערקלערנדיג אַז זיי גיבן ניט קיין פאַלשע באַריכטן און ציען ניט צוריק זייערע באַהויפּ־טונגען — אַז געשטאָרבן, איז געשטאָרבן! אָבער וואָס זיי קענען יאָ טאָן פאַר אים איז, אַנאָנסירן אים אין דעם קאָלום פון די ניי־געבוירענע...

## ווי פרומקייט ווערט באַוויזן

די פרומע מוטער איז געקומען יום כפור בייטאָג פון שול אַהיים זיך אָפּצורוען אַ ווייל. אין הויז האָט זי געפונען איר 18־יעריגן זון זיצנדיג ביי דער ראַדיאָ און אויפ׳ן טיש — עטליכעביינדלעך...

— טשאַרלי, דו האָסט געגעסן די הון און גאָרניט געפאַסט, אוי וויי איז מיר!

טשאַרלי האָט איר פאַרזיכערט, אַז ער האָט די הון ניט גע־געסן. און כדי איר צו באַווייזן אַז ער זאָגט דעם אמת האָט ער פון אייז־באָקס אַרויסגענומען אַ פלאַש מילך און גענומען אַ פּאָר גרויסע זופּן.

— דו זעסט, מאַמע — זאָגט ער, — ווען איך וואָלט געגעסן די הון וואָלט איך דאָך ניט געקאָנט טרינקען די מילך איידער זעקס שטונדן זיינען פאַריבער...

## ווי דייטשן פאַלן אויף אַ פּלאַן

אין דייטשלאַנד האָט מען אַמאָל פאַרטיג געמאַכט אַ נייע ליניע פאַר אַ צוג אין אַ גאַנץ בייעם געגנט. די ערשטע צייט, איידער די ליניע איז געווען גוט איינגעפּונדעוועט און פולשטענדיג קאָנטראָלירט, פלעגן אָפט פאַסירן אומגליקספאַלן מיט די צוגן. די גרעסטע קרבנות זיינען אָבער שטענדיג געווען די פון דעם ערשטן וואַגאָן, און דערפאַר פלעגן די ערשטע וואַגאָנען שטענדיג

פוסטעווען, ווייל קיינער האָט אין זיי ניט געוואָלט פאָרן.

כדי צו פאַרמיידן ווייטערע אומגליקן דורך די ערשטע וואַגאָנען, וועלכע פלעגן סאַי ווי פוסטעווען, האָבען די באַאַמטע אינגאַנצן באַזייטיגט דעם ערשטן וואַגאָן פון יעדן צוג. און פון דאַן אָן לויפן דאָרט די צוגן אָן זייערע ערשטע וואַגאָנען...

## אַ פּראַקטישע עצה אין צייט

אין אַ ביליגן שפייז־צימער זיינען געזעסן עטליכע מענער און פרויען און געגעסן. האָט איין פרוי זיך אויפגעהייבן און געעפנט אַ פענסטער אַריינצולאָזן פרישע לופט. אָבער אַ צווייטע פרוי האָט זיך צעשריען אַז זי ווערט פאַרפראָרן, און האָט דעם פענסטער צוריק צוגעמאַכט. דאַן האָט די ערשטע פרוי זיך צעשריען אַז זי ווערט דערשטיקט, און האָט זיך געריסן דעם פענסטער ווייטער צו עפענען. איז געוואָרן צווישן זיי אַ שטאַרקע קריגעריי און דער באַלעבאָס פון פלאַץ האָט ניט געוואוסט ווי זיך אַן עצה צו געבן און וועמען צו פאָלגן.

— ווען איך בין אויף אייער פלאַץ — זאָגט אַ זייטיגער — וואָלט איך אַזוי געטאָן: פריער וואָלט איך דעם פענסטער געעפנט און געלאָזט איין פרוי פאַרפראָרן ווערן, נאָכדעם וואָלט איך אים צוגעמאַכט און געלאָזט די אַנדערע דערשטיקט ווערן.

## ווען מען דאַרף געבן צדקה

שטייט אַ איד אויף גרענד סטריט מיט אַ צדקה־פושקע אין האַנט און האַלט אין איין אויסרופן: „צדקה תציל ממות", צדקה תציל ממות!"

פאַרבייגייער וואַרפן אַריין מטבעות אין פושקע, נאָר איינער האָט אים אַ פרעג געטאָן: „ווער איז געשטאָרבן?"

— קיינער ניט — ענטפערט דער איד קורץ.

— טאָ וואָס־זשע שרייט איר „צדקה תציל ממות" און זאַמלט געלט, אַז קיינער איז ניט געשטאָרבן? — בייזערט זיך דער פאַרבייגייער אַריינלייגנדיג צוריק זיין מטבע אין קעשענע.

— און אַז קיינער איז ניט געשטאָרבן טאָר מען ניט געבן קיין צדקה? — שרייט אים נאָך דער איד ווען יענער האָט גענומען אַוועקגיין, — אַ העזה דאָס איז פון אַ אידן! פאַר זיין חזיר׳שן ניקל וויל ער דוקא אַז אַ איד זאָל שטאַרבן!

## למדנות אין אַ טעמפּל קלאַס

אין אַ זונטאָג קלאַס פאַר אידישע יונגעלייט און מיידלעך, אין אַ טעמפּל, האָט דער ראַביי געהאַלטן אַ לעקציע פון דער ביבל און נאָכדעם פאַרענטפערט פראַגן פון די שילער.

— וועט איר מיר אַזוי גוט זיין זאָגן ווי ווייט עס איז פון דן ביז באר־שבע? — פרעגט איין שילער, — איך האָב פיל מאָל געהערט דעם אויסדרוק „פון דן ביז בער־שבע" און האָב קיינמאָל ניט געוואוסט דעם מהלך.

איידער דער ראַביי האָט פאַרענטפערט די פראַגע האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אַנדער יונגערמאַן מיט אַ באַמערקונג:

— ווי איך פאַרשטיי איצט זיינען „דן" און „באר־שבע" נעמען פון שטעדט. אַבי איך האָב שטענדיג געמיינט, אַז דאָס זיינען נעמען פון מאַן און ווייב, פונקט ווי די נעמען פון סדום און אמורה...

## אַמעריקאַנער וואונדער־טעכניק

אין לאָנדאָן האָט מען דערציילט אַן אַמעריקאַנער ווי שנעל מען בויט דאָרט אויף די נייע הייזער אַנשטאָט די וועלכע זיינען דורך די דייטשע לופט־באָמבעס פאַרניכטעט געוואָרן. אַ הויז — האָט מען אים געזאָגט — נעמט דורכשניטליך בלויז זעקס וואָכן אויפצובויען.

— דאָס הייסט ביי אייך שנעל? — זאָגט דער אַמעריקאַנער, — ביי אונז אין אַמעריקע ווערט אַ הויז אויפגעבויט אַזוי שנעל, אַז עס לאָזט זיך גאַרניט גלויבן. פאַר מיין אָפּפאָרן אַהער בין איך איין פרימאָרגן געגאַנגען צו דער אַרבייט און געזען ווי מען לייגט אַ פונדאַמענט פאַר אַ נייעם הויז, און ווען איך בין געגאַנגען צוריק פון דער אַרבייט האָב איך שוין געזען ווי מען האָט דאָרט אַרויס־

געשטעלט דעם שכן ווייל ער איז שולדיג געווען דירה־געלט פאַר דריי חדשים...

## גוטע קונים זיינען אַ ברכה

אַ כיטרער קליינהענדלער פון טלתים, ציצית, מזוזות א. אַז. וו. האָט געשריבן אַ בריוו צו אַ טלתים פאַבריק און געפרעגט אויף אַ פרייז פאַר טויזנט טלתים. ווען ער האָט באַקומען דעם פרייז האָט ער געשריבן אַ צווייטן מאָל און געפרעגט אויב דערזעלבער פרייז איז גוט פאַר 500 טלתים. ווען מען האָט אים געענטפערט אַז יאָ, האָט ער געפרעגט אויב ער קען קויפן הונדערט טלתים פאַר דעמזעלבן פרייז. נאָכדעם האָט ער געוואָלט וויסן דעם לעצטן פרייז פאַר אַ צענדליג טלתים...

די באַלעבאַטים פון טלתים פאַבריק האָבן איינגעזען וואָס פאַר אַ „קאָסטאָמער" זיי האָבן דאָ, האָבן זיי אים געענטפערט: לאָזט אונז וויסן די ריכטיגע דאַטע ווען אייער אינגל דאַרף ווערן בר־מצוה און מיר וועלן אייך שיקן אַ טלית פריי.

## די ריכטיגע קוראַציע

אַ דאָקטאָר איז גערופן געוואָרן צו אַ קראַנקן און ער האָט אים אונטערזוכט. דער פאַציענט איז געווען זייער אומרואיג און ער האָט אָפּנהערציג געפרעגט דעם דאָקטאָר:

— דיינקט איר, דאָקטאָר, אַז אייער דיאַגנאָז איז ריכטיג און איר וועט מיך קורירן אויף דער ריכטיגער קראַנקהייט?

— פאַרוואָס פרעגט איר אַזאַ זאַך?

— ווייל איך האָב געהערט פון פאַלן וואו אַ דאָקטאָר האָט אימיצן קורירט פון ניומאָניע און געשטאָרבן איז גאָר יענער פון אַ האַרץ קראַנקהייט.

— ביי מיר פאַסירט ניט אַזאַ זאַך — באַרוהיגט דער דאָקטאָר דעם פאַציענט, — אַז איך קוריר אימיצן פון ניומאָניע שטאַרבט ער פון ניומאָניע.

## דער סאַמע לעצטער פּרייז

איינער איז אַריינגעקומען אין אַ ניו יאָרקער איסט סאַיד קליידער סטאָר און זיך אויסגעקליבן אַ מאַנטל.

— זאָגט מיר דעם לעצטן פּרייז — זאָגט ער צום קרעמער, — איך האָב פּיינט צו דינגען זיך.

— אויב אַזוי — זאָגט דער קרעמער, — וועל איך אייך ניט זאָגן קיין דרייסיג און ניט קיין פינף־און־צוואַנציג, נאָר דעם סאַמע לעצטן פּרייז: צוואַנציג דאָלער.

— אויב אַזוי — זאָגט דער קונה, — וועל איך אייך ניט באָטן קיין פינף דאָלער און ניט קיין אַכט דאָלער, נאָר גלייכע צען.

— סעם — גיט דער קרעמער אַ זאָג צו זיין קלערק, — פּאַק איין דעם מאַנטל פאַר דעם דזשענטלמאַן.

## ליבע איז ניט קיין שפּילכעלע

ער האָט געשפּאַצירט אין סענטראַל פּאַרק און באַמערקט אויף אַ באַנק זיצן אַ דאַמע צו וועלכער ער איז אַמאָל פאַרגעשטעלט געוואָרן אין געזעלשאַפט. האָט ער זי באַגריסט, זיך איבערגעביטן מיט אַ וואָרט, און זיך געזעצט לעבן איר.

דער אָוונט איז געווען שיין, די לופט אנגענעם, און די לבנה האָט געשמייכלט... ער האָט צו איר גערעדט פאַרשידענע זאַכן און זי האָט זיך בלויז צוגעהערט.

— ווען איר וואָלט געהאַט געלט, וואָס וואָלט איר געטאָן?
— גיט זי אים פּלוצלינג אַ פרעג נאָך איר לאַנגן שווייגן.

— אָ, איך וואָלט גערייזט — האָט ער געענטפערט מיט שטאָלץ.

אין דעם נעקסטן מאָמענט האָט ער דערפילט ווי איר ווייכע, צאַרטע האַנט גליטשט זיך אַריין אין זיינער... אָבער ער האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז זי איז פאַרשוואונדן און אין זיין האַנט האָט זי איבערגעלאָזט אַ ניקל (5 סענט)...

## אַן איינלאַדונג צו אַ לויה

ער האָט געקראָגן אַן איינלאַדונג פון זיינעם אַ פריינט צו קומען צו דער לויה פון זיין דריטער פרוי. האָט ער זיך איבערלייגט און באַשלאָסן ניט צו גיין.

— וואָס איז דער מער וואָס דו ווילסט דאָס מאָל ניט גיין צו דער לויה פון זיין פרוי? — פרעגט אים דאָס ווייב, — צו די לויות פון זיינע ערשטע צוויי ווייבער ביזטו יאָ געגאַנגען און איצט ווילסטו זיין איינלאַדונג ניט אָננעמען, וואָס איז די אורזאַך?

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, מיין טייערע — ענטפערט ער, — איך האָב פּשוט קיין האַרץ ניט יעדעס מאָל אָנצונעמען פון אים אַזאַ איינלאַדונג ווען איך זע שוין איין, אַז איך קען אים אַזוי גיך ניט אָפּצאָלן...

## דאַרף מען חתונה האָבן?

אַ יונגערמאַן האָט געשריבן זיינע עלטערן, אַז ער איז געוואָרן פאַרלאָבט, און ער האָט געקראָגן אַן ענטפער. די מאַמע שרייבט:

„מיין טייערער זון. איך און דער טאַטע זיינען דערפרייט פון דער גליקליכער בשורה! מיר האָבן שוין לאַנג געוואונשן, אַז דו זאָלסט הייראַטן. אַ גוטע פרוי איז די גרעסטע גאָט׳ס מתנה צום מאַן. זי איז אים אַ חבר און אַ מוטער און מאַכט פאַר אים ווערט צו לעבן אויף דער וועלט". א. אַז. וו.

אונטער איר בריוו איז צוגעשריבן אַ פּאָר ווערטער פון פאָטער:

„די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען קויפן אַ מאַרקע פאַר דעם בריוו, און איידער איך פאַרקלעפּ אים, זי זאָל ניט זען, שרייב איך דיר, אַז דו זאָלסט ניט זיין קיין יאָלד. זוך זיך ניט קיין צרות און בלייב אַ בחור ווען דו ווילסט וויסן אַז דו לעבסט אויף דער וועלט".

## אַ שאַנד אין פּנים, אַ ווייטאָג אין פּוס

זיי זיינען געזעסן ביים טיש און געגעסן צוזאַמען מיט זייער אומדערוואַרטעטן גאַסט. ביי יעדן שפּייז איז דער מאַן צוגעשטאַנען צום גאַסט ער זאָל עסן נאָך און נאָך, כאָטש זיין פרוי האָט אים

יעדעס מאָל געבריקט אונטערן טיש ער זאָל דאָס ניט טאָן, ווייל זי האָט ניט צוגעגרייט געגוג שפייז.

ווען דער גאַסט איז אַוועקגעגאַנגען האָט דאָס ווייב אים אויסגערעדט פאַר דעם, איבערהויפּט וואָס ער האָט אינגאַנצן איגנאָרירט אירע וואַרנונגען דורך איר בריקן אים אין פוס.

— דו האָסט מיך געבריקט אין פוס? — וואונדערט זיך דער מאַן, — ניין, מיין טייערע, ניט מ י י ן פוס האָסטו געבריקט.

— אוי ווי — כאַפּט זיך דאָס ווייב, — איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס אונזער גאַסט איז אַוועקגעגאַנגען כמעט הינקענדיג.

## בטלנים און סטאַטיסטיק

צוויי בטלנים חקירה'נען זיך:

— וואָס, דיינקט איר, זיינען פאַראַן מער אויף דער וועלט, אָקסן צי פערד?

— איך דיינק, אַז פערד זיינען דאָ מער, ווייל אָקסן קוילעט מען אויס און פערד ניט.

— נו יאָ, אָבער פערד גנב'עט מען דאָך אַוועק און אָקסן ניט.

— נו און אַז מען גנב'עט זיי, בלייבן זיי דאָך אַלץ אויף די נייע פלעצער וואו מען פירט זיי אַוועק.

— ניין, פון דאָרטן גנב'עט מען זיי אויך אַוועק...

## אַן אומגליקספאַל אָדער אַן אומגליק

היטלער, גערינג און געבעלס זיינען געזעסן אויף אַ באַלקאָן און האָבן באַמערקט אָנקומען אַ אידישן פּראָפעסאָר, וועלכער איז באַוואוסט געווען פאַר זיין שאַרפן קאָפּ. האָבן זיי אים צוגערופן צו מאַכן זיך אַביסל לוסטיג איבער אים.

— זאָגט מיר, הער פּראָפעסאָר — זאָגט געבעלס, — וואָס איז דער אונטערשייד פון דעם וואָרט „אומגליקספאַל" ביז „אומגליק"?

— מעג איך זיין אָפּנהערציג און ניט מורא האָבן פאַר באַ־שטראָפונג? — פרעגט דער פּראָפעסאָר.

— געוויס, געוויס — האָבן זיי אים פאַרזיכערט.

— ווען, למשל, דער באַלקאָן וואָלט זיך איינגעבראָכן און איר דריי וואָלט אַראָפּגעפאַלן — דערקלערט זיי דער פּראָפעסאָר, — איז אויב איר וואָלט גע׳הרג׳עט געוואָרן וואָלט דאָס געווען אַן אומגליקס־פאַל, אָבער אויב איר וואָלט געבליבן לעבן, דאַן, זעט איר, וואָלט שוין דאָס געווען אַן אומגליק...

## געשעפטליכע דאַנקבאַרקייט

אַ פאָטער מיט זיין זון האָבן געקליבן פאַרשידענע סחורות פאַר זייער קראָם. דער באַלעבאָס פון דעם האָלסייל געשעפט, מר. ערליך, האָט זיי באַהאַנדלט זייער העפליך און געגעבן די בעסטע סחורות פאַר די פּרייזן. אָבער וואָס בעסער ער האָט זיי באַהאַנדלט אַלץ מער האָט דער קרעמער זיך געדונגען אויף יעדן אַרטיקל באַזונדער.

— טאַטע, פאַרוואָס דינגסטו זיך אַזוי? — זאָגט אים דער זון אויפ׳ן אויער, — דו ווייסט דאָך דעם וועקסל פאַר די סחורה סאַי ווי ניט צאָלן.

— אמת — ענטפערט דער פאָטער, — אָבער מיסטער ערליך איז זייער אַ פיינער מאַן, וויל איך אַז זיין פאַרלוסט זאָל זיין וואָס קלענער...

## אַ רחמנות אויפ׳ן פערד

אַ פעדלער איז געגאַנגען צופוס אויפ׳ן וועג צו אַ שטאָדט און האָט געטראָגן אַ שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס. פון הינטן איז אים אָנגעפאָרן אַ דאָרפסמאַן מיט זיין פערד־און־וואָגן און האָט אים אַריינגענומען צו זיך, ווען דער פעדלער איז דאַנקבאַר געווען.

אָפּפאָרנדיג אַ שטיקל וועג באַמערקט דער דאָרפסמאַן, אַז דער פעדלער האַלט נאָך אַלץ זיין פּאַק אויף די פּלייצעס.

— וואָס איז דער מער? — פרעגט ער דעם פעדלער פאַר־וואונדערט, — פאַרוואָס לייגסטו ניט אַוועק דעם פּאַק אין וואָגן?

— עס איז געגוג וואָס דיין פערד דאַרף מיך שלעפּן — ענטפערט דער פעדלער, — זאָל ער נאָך שלעפּן מיין פּאַק אויך?

## אַ בריוו — קורץ און שאַרף

אַ פאַבריקאַנט איז נמאס געוואָרן שיקנדיג לאַנגע בריוו צו זיינעם אַ קונד מאַנענדיג אַ חוב. איז אים איינגעפאַלן צו פּרובירן אים שיקן גאָר אַ קורצן בריוו — דעם קירצסטן וואָס מען קען נאָר אָנשרייבן — און עס האָט זיך געלייענט אַזוי:

נו?

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער פאַבריקאַנט באַקומען אַן ענטפער פון זיין בעל־חוב מיט דעם פאָלגענדיגן אינהאַלט:

נו, נו!

## וואָס איז פאָרט דער אמת?

זלמן פייגע׳ס און אידעל אברהם־משה׳ס, צוויי קאָנקורענטן פון אַ ליטוויש שטעדטל, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן פאַרנדיג ערגעץ אין אַ באַן.

— גוט מאָרגן, ר׳ אידעל — זאָגט זלמן, — וואו פאָרט דאָס אַ איד?

— איך פאָר קיין ווילנע.

— אידעלע גנב! — זאָגט זלמן האַלב שפּאַסנדיג, — איר זאָגט דאָך מיר, אַז איר פאָרט קיין ווילנע כדי איך זאָל מיינען אַז איר פאָרט קיין וואַרשע, אָבער איך וויים דאָך אַז איר פאָרט טאַקע קיין ווילנע, טאָ וואָס־זשע דערציילט איר מיר דאָ אַ באָבע־מעשה אַז איר פאָרט קיין ווילנע?...

## ווי מאַן און ווייב מאַכן שלום

אין אַ חסידיש שטעדטל האָט אַ מאַן מיט זיין ווייב ניט געקאָנט שטימען איינער מיט׳ן אַנדערן. ענדליך האָבן זיי באַשלאָסן צו ברייגגען זייערע טענות צום רבי׳ן און זען וואָס ער וועט פּסק׳ענען

אין זייער פאַל.

דער רבי האָט אויסגעהערט זייערע טענות און עס איז געלונגען צו מאַכן שלום צווישן זיי. אָבער ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין האָט דער מאַן אויפסניי אָנגעפאַנגען מיט זיינע טענות און קריגערייען. דאָס ווייב איז דאַן אַרויס פון געדולד און געעפנט אויף אים אַ מויל:

— דו שטיק שלימעזאַלניק, ליגנער, באַנדיט! דו מיינסט איך וועל זיך דאָ שעמען פאַר׳ן רבי׳ן? איך שפיי דיר שוין אין פנים אריין — און דעם רבי׳ן אין די אויגן!

## אַן אַלטע פידל — ניט קיין חסרון

אַ פרעזידענט פון אַן אָרגאַניזאַציע האָט אַנגאַזשירט אַ פידל שפּילער צו באַטייליגן זיך אין אַ קאָנצערט פון דער אָרגאַניזאַציע. ווען דער פרייז איז באַשטימט געוואָרן זאָגט דער שפילער צום פרעזידענט:

— איר ווייסט, די פידל אויף וועלכער איך וועל שפילן אויף דעם קאָנצערט איז צוויי הונדערט יאָר אַלט.

— אָ, דאָס מאַכט ניט אויס — זאָגט דער פרעזידענט, — אויב זי גיט נאָר אַרויס אַ טאָן וועט קיינער ניט וויסן דעם אונטערשיד.

## אַ קלוגע ווייבל איז אַ הילף

אַ פרוי האָט געשריבן צו איר מאַן, אַ רייזענדער אַגענט, ער זאָל גלייך אַרויסשיקן אַ טשעק ווייל דער הויז־אייגנטימער וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום קומען נאָך דירה־געלט.

דער מאַן האָט גלייך טעלעגראַפיש געענטפערט:

„בין ליידער פאַראיינגט. וועל שיקן טשעק אין עטליכע טעג אַרום. טויזנט קושן. באַריס״.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער פון זיין ווייבל געקראָגן די פאָלגענדיגע טעלעגראַמע:

„זאָרג ניט וועגן דירה־געלט. כ'האָב דעם הויז־אייגנטימער געגעבן איינעם פון דיינע טויזנט קושן און די זאַך איז ערליידיגט. בערטהאַ".

## פון די דייטשע באַרבאַרן

אין דער ערשטער וועלט מלחמה איז אַ בכבוד'ער חסיד געקומען צום רבי'ן און דערציילט פון דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפן זיין טאָכטער, וועלכע איז פון אַ דייטשן סאָלדאַט געשענדעט געוואָרן. דער רבי האָט מיט אים מיטלייד געהאַט און געהייסן פאַרשרייבן אין פנקס אַז, „פלונית בת פלוני איז ניט מער קיין בתולה".

אין דריי חדשים אַרום האָט דער רבי געהערט, אַז די פאַר־אומגליקטע מיידל האָט געבוירן אַ קינד. לאָזט ער רופן איר פאָטער און זאָגט צו אים:

— עס איז ערשט דריי חדשים ווי דיין טאָכטער איז געוואָרן אויס בתולה אין אונזער פנקס און זי האָט שוין געבוירן אַ קינד, ווי קען דאָס מעגליך זיין?

— רבי — זאָגט דער נאַאיווער פאָטער, — איר פרעגט קשיות אויף די דייטשע באַרבאַרן?

## ווי זיין קרעדיט וועט גוט זיין

אין אַ רעסטאָראַן האָט אַ מאַן אָפּגעגעסן אַ גוטן מאָלצייט און ווען ער האָט געדאַרפט באַצאָלן האָט ער דערקלערט, אַז ער האָט געביטן דעם אנצוג און פאַרגעסן אַרויסצונעמען דאָס געלט פון יענע הויזן...

— וועגן דעם דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן — באַרוהיגט אים דער רעסטאָראַטאָר, — מיר וועלן אייער נאָמען פאַרשרייבן אויפ'ן וואַנט און איר וועט שפּעטער באַצאָלן.

— דאָס איז דאָך אָבער ניט שיין וואָס מענשן וועלן זען מיין נאָמען אויפ'ן וואַנט פאַרשריבן פאַר אַ חוב.

— וועגן דעם דאַרפט איר זיך אויך ניט זאָרגן — באַרוהיגט

אים ווייטער דער רעסטאָראַטאָר, — אייער מאַנטל וועט עס פאַרדעקן...

## ווען ער האָט געהייראַט

איינער האָט אָנגעטראָפן זיינעם אַ באַקאַנטן וועלכן ער האָט שוין פאַר אַ לייננגערער צייט ניט געזען.

— איך האָב געהערט, אַז איר האָט געהייראַט — זאָגט יענער צו אים, — וואָס פאַר אַ פערזאָן האָט איר געהייראַט ?

— איך האָב געהייראַט אַ פרוי.

— אַ פרוי ? וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער ? ווער הייראַט דען ניט קיין פרוי ?

— מיין שוועסטער גרונע. זי האָט גראַדע געהייראַט אַ מאַן.

## אַ יונגער מוזיקאַלישער מבין

די מוטער האָט מיטגענומען איר 6־יעריגן זונעלע צו אַ קאָנ־צערט אין מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז. אויף דער בינע האָט אַ באַוואוסטע סאָפּראַנאָ געזונגען אַן אַריע און דער אָפּערע אָרקעס־טער ביי דער בינע האָט איר אַקאָמפּאַנירט.

— מאַמע — זאָגט דאָס אינגעלע, — דו זעסט דעם הויכען מאַן וואָס שטייט דאָרט צווישן די שפּילערס ?

— יאָ, מיין קינד, וואָס איז ?

— פאַרוואָס סטראַשעט ער מיט אַ שטעקל די ליידי וואָס שטייט דאָרט אַליין אין יענעם צימער ?

— ער סטראַשעט איר ניט — דערקלערט אים די מאַמע — נאָר ער פירט זי צוגלייך מיט די שפּילערס.

— טאָ פאַרוואָס שרייט זי אַזוי ? — פרעגט ער ווייטער מיט רחמנות.

## ווען דער קונה איז גערעכט

אין אַ קליידער געשעפט, אין אַמעריקע, האָט דער באַלעבאָס

פון געשעפט דערהערט פון ווייטן ווי אַ קלערק האָט אַן איבעררייד מיט אַ קונה, וועלכער היצט זיך און מאַכט אַ טומל. איז ער שנעל צוגעגאַנגען צום פּלאַץ און געזוכט דעם סיכסוך אויסצוגלעטן:

— וואָס איז דער מער מיט דיר — זאָגט ער צום קלערק מיט אַ האַלבן שמייכל, — ווייסטו דען ניט דעם אַמעריקאַנעם ווערטל „דהי קאַסטאָמער איז אַלווייס ראַיט״? (דער קונה איז אַלעמאָל גערעכט).

— געוויס ווייס איך, אַז ער איז גערעכט — ענטפערט דער קלערק.

— טאָ וואָס זאָגט דער דזשענטלמאַן?

— ער זאָגט, אַז איר זייט אַ גנב, אַ שווינדלער, און קיין אנשטענדיגער מענש טאָר אייער שוועל ניט באַטרעטן.

## אַליך הייסט אַן אומגליק

אַ יונג מיידל איז אַנטלאָפן פון איר היים און די עלטערן זיינען געווען שטאַרק פאַרצווייפלט. האָט דער פאָטער אָפּגערופן דעם אָפיס פון דער „פעמילי וועלפער אַסאָסיאיישאַן״ (געזעלשאַפט פאַר דעם וואוילשטאַנד פון דער פאַמיליע) און געבעטן צו שיקן אַ פאַרטרעטער.

דעם נעקסטן אָוונט איז אַ פאַרטרעטער פון דער געזעלשאַפט געקומען צו זיי און אָנגעקלונגען אין טיר. אין אַ נערוועזן צושטאַנד זיינען מאַן און ווייב צוזאַמען געגאַנגען עפענען די טיר און דער פאַרטרעטער איז אַריינגעקומען.

— מיין נאָמען איז פיליפּס, אַ פאַרטרעטער פון דער פעמילי וועלפער אַסאָסיאיישאַן — שטעלט ער זיך פאָר.

— מר. פיליפּס — זאָגט דער מאַן נערוועז, — איך וויל אייך באַקענען מיט מיין אומגליק.

דער פאַרטרעטער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער פרוי און געזאָגט:

— עס פרייט מיך אייך צו קענען, מאַדאַם.

## נייע באַגריפן פון ווייטקייט

איינער האָט געלאָזט וויסן עטליכע אַגענטן פון הייזער, אַז ער וויל קויפן אַ הויז. זיינען זיי געקומען צו אים און פאָרגעלייגט פאַרשידענע מציאות.

— איך האָב פאַר אייך אַ הויז — זאָגט איינער — אַז איר וועט זיך מחיה־זיין. דאָס הויז שטייט האַרט ביים טייך. זומער קענט איר זיך באָדן גלייך ביי דער טיר און כאַפּן פיש בלויז אויס־שטרעקנדיג די האַנט. ווינטער קענען די קינדער זיך גליטשן ביים הויז און פאַרברייגגען. בקיצור ס׳איז אַ הויז אַן אַנטיקל.

— אָבער אַנפאַנג פרילינג — זאָגט דער קונה — ווערט דאָס הויז מסתמא אינגאַנצן פאַרפלייצט פונ׳ם טייך.

— וואָס רעדט איר — זאָגט דער אַגענט, — ווי קען די פלייצונג גרייכן צום הויז וואָס שטייט אַזאַ ווייטן מהלך אַוועק פון טייך?

## ווי געטריישאַפט ווערט באַלוינט

אַ באַלעבאָס פון אַ גרויסער פירמע האָט אַריינגערופן זיינעם אַ קלערק אין זיין פריוואַטן אָפיס און געזאָגט צו אים:

— פון אַלע מיינע אַנגעשטעלטע, האָב איך באַמערקט, זייט איר דער איינציגער וואָס איז אַזוי ערנסט איבערגעבן צו אייערע פליכטן. איר אַרבייט לאַנגע שטונדן און לאָזט ניט דורך די מינדסטע קלייניגקייט אָן אייער באַהאַנדלונג, איז דאָס ניט אמת?

— אמת — ענטפערט דער קלערק באַשיידן, פילנדיג גע־שמייכלט פון די קאָמפּלימענטן וועלכע זיינען, געוויינטליך, אַ הקדמה צו אַ העכערונג אין געהאַלט.

— איז דערפאַר — זאָגט ווייטער דער באַלעבאָס — מוז איך אייך אָפּזאָגן, ווייל איר זייט פון דעם טיפּ וואָס עפנט אַ ביזנעס פאַר זיך און ווערט מיינער אַ קאָנקורענט.

## צי וויל זי חתונה האָבן?

מיסטער זונדל אַלטמאַן, אַן עלטערער בחור, האָט פאַר אַ

לאַנגער צייט געהאַט אַן אויג אויף מיס פּערל קאַלטמאַן, אַ פּאַר־זעסענע עלטערע מיידל. אָבער זייענדיק אַ ביסל שעמעדיק און ניט געגלויבט אַז זי וועט אים וועלן, האָט ער קיין פאַרזוך ניט געמאַכט אין דער זאַך.

איינמאָל, אָבער, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן זיך מוט און מיט איר אַ רייד טאָן וועגן דעם. האָט ער זי אָפּגערופן אויפ׳ן טעלעפאָן:

— האַלאָ, איז דאָס מיס פּערל קאַלטמאַן?

— יאָ, דאָס איז פּערל קאַלטמאַן.

— מיס קאַלטמאַן, איך האָב באַשלאָסן אייך צו פרעגן אָפּנ־הערציק אויב איר ווילט מיט מיר חתונה האָבן.

און זי האָט גלייך געענטפערט:

— יאָ, מיט פאַרגעניגן! ווער רעדט דאָס? — — —

## אַ פּראַקטישע לעקציע אין לעבן

אַ באַוואוסטער דיפּלאָמאַט־קאַפּיטאַליסט האָט געגעבן זיין יונגן זון אַ לעקציע אין גוטער אויפפירונג און דערפאָלג.

— עס זיינען פאַראַן צוויי הויפּט פּרינציפּן וואָס מוזן שטרייבג אָפּגעהיט ווערן און טייער געהאַלטן — דערקלערט דער פאָטער. — דאָס זיינען ערליכקייט און פאַרזיכטיגקייט.

— וואָס מיינט ערליכקייט? — פרעגט דער נאַאיווער יונ־גער זון.

— ערליכקייט — דערקלערט דער פאָטער — מיינט, אַז ווי טייער דאָס זאָל דיר ניט קאָסטן און ווי שווער דאָס זאָל דיר ניט אָנקומען זאָלסטו שטענדיק האַלטן דיין צוזאָג.

— און וואָס מיינט פאַרזיכטיגקייט?

— פאַרזיכטיגקייט מיינט, אַז דו זאָלסט קיינמאָל קיינזאַך ניט צוזאָגן.

## ר' פעטער, מען קען אייך

אין אַ רעסטאָראַן איז צו איינעם, ביי אַ טישל, צוגעקומען אַ מאַן און זאָגט צו אים:

— עס וועט אייך אפשר וואונדערן: איר קענט מיך ניט, דאָך וויל איך ביי אייך לייען אַ דאָלער.

— עס וועט אייך אפשר נאָך מער וואונדערן — ענטפערט ער יענעם, — וואָס איך קען אייך גראַדע יאָ, און פונדעסטוועגן וועל איך אייך לייען אַ דאָלער.

## אַן ערליכע אַלטינקע

אַן אייזמאַן האָט געבראַכט אַ פּאָרציע אייז אין אַ הויז. האָט ער דאָרט געפונען די מוטער פון דער באַלעבאָסטע, אַ גאַנץ אַלטע פרוי, וועלכע האָט אים געזאָגט, אַז איר טאָכטער איז אַוועקגע־פאָרן פאַר עטליכע טעג און ווען זי וועט קומען וועט זי אים באַצאָלן פאַר דעם אייז.

— און טאָמער וועט זי מיר ניט באַצאָלן? — זאָגט דער אייזמאַן.

— דאַן וועט איר צונעמען דאָס אייז צוריק — זאָגט די אַלטינקע נאַאיוו.

## אַן איינפאַל פון אַ „טרייבער"

אַן אָטאָמאָביל איז געשטאַנען אין אַ לעבעדיגן געגנט פון ניו יאָרק מיט דער טיר אָפן. אַ פאַרבייגייער האָט געכאַפּט אַ קוק אינעווייניג און אויסגערופן צום אָנטרייבער:

— העי, מיסטער, אויפ'ן דיל פון אייער אָטאָמאָביל ליגט אַ האַנטבייטל!

דער אָטאָמאָביל אָנטרייבער האָט געגעבן אַ שמייכל און דעם פריינטליכן פאַרבייגייער איינגעראַמט אַ סוד:

— דעם האַנטבייטל האָב איך אַליין אַוועקגעלייגט און בכיון די טיר געלאָזט אָפן. איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן וויפיל

מענשן, וואָס דערזעען דאָס, כאַפּן זיך אינעווייניג אַריין און נעמען
אַ „ראַיד" כאַטש זיי דאַרפן דאָס ניט. דערצו איז נאָך יעדער
איינער „ערליך" געגוג מיר דעם פּוסטן בייטל איבערצוגעבן.

## וואָס ליב איז ניט שווער

אַ יונגערמאַן האָט אַן אָוונט פאַרבראַכט ביי זיין פריינדינע,
און ווען ער האָט געהאַלטן ביים גיין אַהיים האָט אויסגעבראָכן אַ
שטורמדיגער שלאַקס־רעגן, וואָס האָט אים אוממעגליך געמאַכט
אַרויסצוגיין.

— דו קענסט שלאָפן ביי אונז — זאָגט זיין פריינדינע, —
די בעט פון מיין ברודער וועלכער איז אין דער אַרמיי שטייט סאַי
ווי ליידיג, — און זי איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם העכערן שטאָק
צו מאַכן דאָרט דעם צימער אין אָרדענונג און צוגרייטן איר ברו־
דער'ס בעט פאַר איר פריינט.

ווען זי איז צוריק אַראָפּגעקומען האָט זי צו איר איבערראַשונג
איר פריינט ניט געפונען. אַ ביסל שפּעטער איז ער אַריינגעקומען
אַ נאַסער, אַ דורכגעווייקטער, מיט אַ פּעקל אונטער'ן אָרעם.

— וואו ביזטו געווען ? — פרעגט זי אים פאַרוואונדערט.

— איך בין געגאַנגען אַהיים ברענגען מיין שלאָף־ראָק.

## ווען מען וויל ניט עלטער ווערען

אַן עלטערע אלמנה האָט אָנגעפאַנגען צו פּוצן זיך און מאַכן
זיך יונג. האָט זי איר גרויען קאָפּ אָפּגעפאַרבן אויף בלאָנד און די
האָר געלאָזט אויסקרייזלען ווי אַ יונג מיידל ; איר פּנים, די ברעמען
און די ליפּעלעך, צוגעפאַרבט ווי נויטיג איז ; די טאַליע איינגע־
שרומפּן, דעם בוזעם אונטערגעהייבן, און אָנגעטאָן אַ קורץ קליידל
מיט איינגע שיכעלעך.

אויף אַן אונטערהאַלטונג אָוונט פון אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע
איז זי דורך פריינט פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ מאַן צו וועלכן
זי האָט זיך אַמאָל גע'שדכנ'ט, אָבער ס'איז ניט געגאַנגען. ער האָט
זי דערקענט, אָבער זי האָט געלייקנט אַז זי האָט אים ווען־עס־איז
געזען, און אים געשטעלט אין פאַרלעגנהייט.

— געוויס קען איך אייך. איך האָב זיך מיט אייך באַקענט — דערמאָנט ער איר — נאָך מיט אַכצן יאָר צוריק, ווען איר זייט נאָך געווען, ניט פאַר היינט געדאַכט, אַן עלטערע פרוי...

## אַ דאָקטאָר׳ם פּראַקטיק און חכמה

צו אַ באַוואוסטן דאָקטאָר מיט אַ גרויסער פּראַקטיק און איין פּרייז פאַר אַלעמען — פינף דאָלער פאַר דעם ערשטן וויזיט און צוויי דאָלער פאַר יעדן אַנדערן וויזיט — איז אַריינגעקומען אַ נייער פּאַציענט צום ערשטן מאָל. אָבער כדי צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז דאָס איז שוין ניט זיין ערשטער וויזיט און אַזוי־אַרום צאָלן בלויז צוויי דאָלער, האָט ער היימיש אַ זאָג געטאָן:

— האַלאָ, דאָקטאָר, איך בין ווידער דאָ...

דער דאָקטאָר האָט גלייך פאַרשטאַנען דעם „טריק״, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיג. האָט ער דעם פּאַציענט אונ־טערזוכט און גענומען ביי אים די צוויי דאָלער.

— וואָס פאַרשרייבט איר מיר דאָס מאָל? — פרעגט אים דער פּאַציענט.

— איר קענט נאָך דערווייל נעמען — זאָגט דער דאָקטאָר — דעמזעלבן מעדיצין וואָס איך האָב אייך געגעבן דעם לעצטן מאָל...

## אַ גוטער בעל־חשבון

דער לערער פרעגט דעם קלאַס:

— ווען מען נעמט אַ מצה און מען צוברעכט זי אין צווייען און יעדן טייל ווייטער אויף העלפט, וואָס האָט מען?

— פערטלען — ענטפערט בערל שנעל.

— און דאַן צוברעכן יעדן טייל ווייטער אויף העלפט, וואָס האָט מען?

— אַכטלען.

— און ווען מען צוברעכט ווייטער אַזוי?

— זעכצענטלעך.

— און ווייטער אַזוי ?

— צוויי־און־דרייסיגטלעך.

— און ווייטער ?

— פיר־און־זעכציגטלעך.

— און נאָכאַמאָל אַזוי, וואָס האָט מען ?

— מצה פאַרפל...

## אַ פּרייז פאַר דעם געפינער

איינער איז געגאַנגען צו אַ טאַנץ און האָט דאָרט פאַרלאָרן אַ געלט־בייטל מיט פינף הונדערט דאָלער. אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך געכאַפּט אויף זיין פאַרלוסט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטול אין מיט׳ן זאַל און אויסגערופן :

— פריינדע, איך האָב פאַרלאָרן אַ געלט־בייטל מיט פינף הונ־דערט דאָלער. ווער עס געפינט און גיט עס מיר אָפּ גיב איך אים פופציג דאָלער !

— איך גיב פינף־און־זיבעציג ! — רופט אויס אַן אַנדערער.

— הונדערט ! — באַט־אַן אַ דריטער...

## וועמעס רעליגיע איז בעסער ?

אַ איד און אַן איטאַליענער האָבן דעבאַטירט וועגן רעליגיע און יעדער האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז זיין רעליגיע איז בעסער. ווען דער איטאַליענער איז קורץ געקומען אין אַרגומענטן גיט ער דעם אידן אַ זאָג :

— זעסטו, אַ איד קען ניט ווערן קיין פּאַפּסט און אַן איטאַ־ליענער יאָ.

— אָבער גאָט איז דאָך נאָך גרעסער פון פּאַפּסט — זאָגט דער איד, — טאָ זאָג מיר, צי קען אַן איטאַליענער ווערן אַ גאָט ?

— געוויס ניט — זאָגט דער איטאַליענער.

— אָבער אַ איד איז דאָס ביי אייך יאָ געוואָרן — ענטפערט דער איד.

## אַ פאַמיליע געקניפּט און געבונדן

צוויי פריינט האָבן נאָך אַ לאַנגער צייט זיך צוזאַמענגעטראָפן און נאָכגעפרעגט איינער ביים אַנדערן ווי עס גייט און אַזוי ווייטער.

— איך בין אונטער דער צייט געוואָרן אַ זיידע צו זיך אַליין — דערקלערט איינער. — יאָ, כ׳בין געוואָרן מיין אייגענער זיידע.

— ווי קען דאָס מעגליך זיין? — פרעגט דער צווייטער.

— די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזוי — דערקלערט דער ערשטער: — איך האָב חתונה געהאַט מיט אַן אַלמנה וואָס האָט אַ טאָכטער, איז זי דאָך מיין שטיף־טאָכטער. נאָכדעם האָט מיין טאַטע מיט דער טאָכטער חתונה געהאַט, איז זי דאָך געוואָרן מיין שטיף־מאַמע, ניט אַזוי?

— יאָ, זיכער.

אַז זי איז מיין שטיף־מאַמע איז דאָך איר מוטער, ס׳הייסט מיין ווייב, געוואָרן מיין שטיף־באָבע, האַ? און מיין באָבעס מאַן, ס׳הייסט איך אַליין, מיין שטיף־זיידע... אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ זיידע צו זיך אַליין.

## ווי שיכורים שליסן באַקאַנטשאַפט

צוויי שיכורים האָבן זיך באַקענט אין אַ סאַלון:

— מיין נאָמען איז מיסטער טרינקמאַן.

— מיין נאָמען איז אויך טרינקמאַן.

— דאָס איז אינטערעסאַנט. וואו וואוינט איר?

— איך וואוין אין פאַלער סטריט.

— איך וואוין אויך אין פאַלער סטריט, טאַקע אינטערעסאַנט. אין וועלכן הויז וואוינט איר?

— אין נומער זעקס־און־פערציג.

— איך וואוין דאָך אויך אין זעקס־און־פערציג, מערקווירדיג. אין וועלכער וואוינונג?

— אין וואוינונג זיבן.

— איך וואוין דאָך דאָרט! וואָס, איר מאַכט חוזק פון מיר?

— ניין, איך וואוין דאָרט. איר זייט אַ ליגנער!

בקיצור, די צוויי פאַרשיכור׳טע האָבן זיך צושלאָגן, אַ פּאָליס־מאַן האָט זיי אַרעסטירט, און זיי זיינען אויף איבער נאַכט איינ־געשפּאַרט געוואָרן אין אַ צעל.

אויף מאָרגן פרי, ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען אויסגעניכ־טערט און האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי זיך ביידע דערקענט... פאָטער און זון.

## ווען מען זיצט אומשולדיג

אַ מאַן איז אָפּגעזעסן צוויי יאָר אין טורמע, און ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער געפונען זיין ווייב זיצנדיג שבעה נאָך אַ ביבי, וואָס איז איר געבוירן געוואָרן מיט עטליכע חדשים צוריק. די מעשה האָט אים שטאַרק געערגערט, אָבער ער האָט קיין ברירה ניט געהאַט און האָט זיך אויך געזעצט שבעה...

ווען פריינט זיינען אים געקומען מנחם־אבל זיין און טרייסטן אין זיין שבעה זיצן, זאָגט ער צו זיי:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. איך בין שוין אין מיין לעבן געזעסן, הערט איר, פאַר פאַרשידענע זאַכן. אַמאָל שולדיג, אַמאָל אומשולדיג... אָבער אַזוי אומשולדיג ווי איך „זיץ" דאָ איצט ווייס נאָר איין גאָט אין הימל.

## אַמעריקע׳ס שוועסטער שטאַטן

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ אידן, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל משכיל, וועלכע עס זיינען דאָס די „שוועסטער שטאַטן" פון אַמעריקע, וועלכע ווערן אַזוי אָפט דערמאָנט אין די צייטונגען.

דער איד האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און געענטפערט:

— זיכער בין איך ניט, נאָר לויט מיין מיינונג זיינען די שוועס־טער שטאַטן די פאָלגנדע: מיסעס סיפּי, מיני סאָטאַ, הינדע אַנאַ, פלאָרע אידאַ, קיילע ראַדאָ, קיילע פאָרניאַ, לואיזאַ אַנאַ, עלע באַמאַ, עלע נאָיס, מערי לאַנד, דעלאַ ווער, ווערא מאָנט, איידאַ האָ, און מיס זורי.

## אַז מען קען ריידן ענגליש...

אַ פרוי האָט געלאָזט אַרעסטירען אַ גרינעם פּעדלער אויף דער באַשולדיגונג, אַז זי האָט דורך אַ טעות אים געגעבן אַ 5־דאָלער אַנשטאָט איין דאָלער און ער האָט עס געלייקנט.

— האָט איר גענומען ביי דער פרוי פינף דאָלער ? — פרעגט דער פּאָליציי־לייטענאַנט דעם פּעדלער.

דער איד האָט אָנגעוויזן, אַז ער פאַרשטייט ניט קיין ענגליש און דער לייטענאַנט האָט אויסגערופן : „ווער פון אייך קען ריידן ענגליש און קען דעם פּעדלער ?"

— ענגליש, לאָזט מיך ! — רייסט זיך אַרויס איינער פון די אַנגעלאָפענע נייגעריגע, און איז צוגעגאַנגען צום פּלאַץ.

— קענט איר דעם פּעדלער ? — פרעגט אים דער באַאַמטער.

— א־הו — ענטפערט ער אונטערן נאָז צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— דענקט איר אַז ער איז אַ גנב ?

— אָך ! — פּראָטעסטירט דער עדות מיט די פּלייצעס.

— די פרוי זאָגט דאָך אָבער אַז ער האָט פון איר צוגענומען פינף דאָלער.

— עט ! מאַכט דער עדות אָוועק מיט דער האַנט.

— איז ער, הייסט עס, אַן ערליכער מאַן ?

— אַ־האָ ! — שטימט־צו דער עדות וויגנדיג אַ פינגער.

— זאָל איך אים לאָזן פריי ?

— אַאאא — בעט זיך דער עדות מיטביידע הענט.

דער פּעדלער איז באַפרייט געוואָרן, און דאַנקענדיג זיין עדות ביים אַרויסגיין זאָגט ער : „אוי, געבענטשט איז דער מאַן וואָס האָט אַ לשון !"

ערשטער פריינט: איך האָב געהערט, אַז איר זייט געגאַנגען אין אַ האָספּיטאַל שול פאַר שטאַמלער. האָט עס אייך געהאָלפן?

צווייטער פריינט: בולוועס בליען בלויז בלעטער; קאַלטע וואַלן קוועלן קוואַלן.

ערשטער פריינט: אָ, דאָס איז וואונדערליך!

צווייטער פריינט: אָבער... אַז עס ק־ק־קומט צצצו דר—ריידן איז גגגרויסענע צ־צ־צרות.

* *

מר. דרייער: איר ווייסט, אייער ברודער קען כאַפּן פון מיר אַ מפּלה פאַר זיין אַרומגיין זאָגן ליגנס וועגן מיר.

מר. מייער: וואָס קימערט אייך ווען ער זאָגט וועגן אייך ליגנס? זעט איר, ווען ער זאָל אַרומגיין זאָגן וועגן אייך דעם אמת, דאַן וואָלט ער זיכער ווערט זיין איר זאָלט אים אָנברעכן די ביינער.

* *

קאָסטאָמער: זייט פאָרזיכטיג, שנייט מיך ניט איין.

באַרבער: איר דאַרפט זיך ניט זאָרגן, מיסטער. פאַר יעדן שניט וואָס איך מאַך גיב איך דעם קאָסטאָמער צען סענט. היינט פרי האָט אַ קאָסטאָמער ביי מיר געגומען אַ שייוו און געמאַכט ביי מיר צוויי דאָלער.

* *

יונגערמאַן: סעמעלע, נאַ, דאָ האָסטו אַ ניקל פאַר'ן ניט אויסזאָגן דיין פאַפּאַ'ן אַז איך האָב געקושט דיין מאַמען.

סעמעלע: (פאַראיבלדיג): אַנדערע גיבן מיר פאַר דעם אַ דאָים.

* *

הויז־אייגנטימער: איר זייט מיר שולדיג דירה־געלט פאַר פיר חדשים, און איר זייט אַלץ פאַראייגגט. אַלזאָ איך וועל אייך אַנטקעגן־קומען אויף אַ העלפט און פאַרגעסן די ערשטע צוויי חדשים.

שכן: אַ דאַנק, זייער פיין פון אייך. איך וועל אייך דערפאַר אויך אַנטקעגן קומען אויף אַ העלפט און פאַרגעסן די אַנדערע צוויי חדשים.

מ ר. ז י נ ג ע ר: איך בין באַקאַנט מיט אַן אָנגעשטעלטן פון דער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע, גיי איך דאָרט אַ פּאָר מאָל אַ וואָך גאַנץ אומזיסט.

מ ר. ק ל י נ ג ע ר: ווי אַזוי טוט ער דאָס פאַר אייך?

מ ר. ז י נ ג ע ר: ער זאָגט מיר יעדעס מאָל אַן אַנדער תירוץ פאַרוואָס ער קען מיך ניט אַריינלאָזן, אַזוי גיי איך אַהין יעדעס מאָל אומזיסט.

* *

ק אָ ס ט אָ מ ע ר: וואָס איז דאָס, טיי אָדער קאָפע? עס האָט אַ ריח פון גאַזאָלין.

ק ע ל נ ע ר: אויב עס שמעקט ווי גאַזאָלין איז דאָס מסתמא די טיי, ווייל אונזער קאָפע שמעקט ווי פּאַמויניצע־וואַסער.

* *

ר ע ד אַ ק ט אָ ר: האָט איר אַליין געשריבן אָט־די פּערזן?

י ו נ ג ע ר מ אַ ן: יאָ געוויס, יעדע שורה.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר: אויב אַזוי פרייט מיך אייך צו קענען, מר. יהואש. אָבי מען האָט אויף אייך אויסגעטראַכט אַז איר זייט געשטאָרבן...

* *

ר י י ז ע ל ע: מאַמע, וואו קומט אַהין דאָס פייער ווען עס גייט אויס?

מ אַ מ ע: איך ווייס ניט, מיין קינד, פונקט ווי איך ווייס ניט וואו דיין פּאַפּאַ קומט אַהין ווען ער „גייט אויס".

* *

ת ל מ י ד: רבי, איז עס אמת, אַז דער לייטער אויף וועלכן עס זיינען געגאַנגען די מלאכים — אין יעקב'ס חלום — געפינט זיך אין בריטישן מוזעאום?

מ ל מ ד: עס קען זיין, אויב דער מוזעאום איז נאָר ניט חרוב געוואָרן דורך דער מלחמה.

* *

פ ר אָ פ ע ס אָ ר (בייז): יונגערמאַן, ביזטו דאָ דער לערער פון קלאַס אָדער איך?

סטודענט: איר זייט דער לערער.

פראָפעסאָר: טאָ פלוידער ניט ווי אַן אידיאָט!

* *

מיס פייפער: איך האָב געהערט, אַז איר האָט אַ סך אַרומגערייזט און אַז איר קענט ריידן עספעראַנטאָ.

מר. שלייפער: יאָ, אַ היפש ביסל.

מיס פייפער: זאָגט מיר, וואָס פאַר אַ סאָרט מענשן זיינען זיי דאָרט די עספעראַנטאָס?

* *

באַלעבאָס (ביים עסן): אויב איר פאַרשטייט אַ שפּאַס, טאָ קומט עסן.

אָרעמאַן: אויב איר פאַרשטייט אַ שפּאַס, טאָ עסט געזונטערהייט.

* *

דאָקטאָר: אייער מאַנ׳ס געזונט איז זייער נידעריג. ער מוז אַוועק פאָרן פאַר עטליכע וואָכן.

באַזוכערין: אפשר זאָל איך אַוועק פאָרן?

דאָקטאָר: דאָס איז נאָך בעסער. וועט ער טאַקע שנעל קענען קומען צו זיך.

* *

משולח: איך דערוואַרט פון אייך אַ שיינע נדבה.

באַלעבאָס: איך זע, אַז איר טראָגט נייע שיך...

משולח: יאָ, טאָ איז וואָס?

באַלעבאָס: טאָ גייט געזונטערהייט.

* *

ריכטער: וואָס קענט איר פאַרשלאָגן דעם געריכט איידער דער אורטייל וועט אייך אַרויסגעגעבן?

אָנגעקלאָגטער: איך קען דעם געריכט גאָרניט פאַרשלאָגן. מיין לאָיער האָט ביי מיר צוגענומען די לעצטע פעני.

כלל־טוערין: מיר זאַמלען פאַר אַ יתומים־אַנשטאַלט. וואָס קענט איר געבן פאַר דעם צוועק?

אָרימע אלמנה: מיינע פינף יתומים.

* *

מר. גראַם: מיין שוואָגער האָט שוין אַלצדינג אויסגעפּרו־בירט און איצט וויל ער ווערן אַ שרייבער.

מר. שטראָם: ער וויל דערשיינען אין די צייטונגען?

מר. גראַם: ניין, ער וויל דערשיינען אין אַ נייעם אָנצוג...

* *

פּאַציענט: העי, דאָקטאָר, דאָס איז ניט דער צאָן וועלכן איך האָב געוואָלט אַרויסציען!

דענטיסט: האָט געדולד, איך וועל באַלד צוקומען צו אים.

* *

אַקטיאָר: אין דעם ערשטן אַקט וואו איך ווער שיכור, וויל איך איר זאָלט מיר צוגרייטן אמת׳ן שנאַפּס.

דירעקטאָר: געוויס. און אין לעצטן אַקט, וואו איר פאַר׳סמ׳ט זיך, וועל איך אויך צוגרייטן פאַר אייך די ריכטיגע שטאָף...

* *

גאַסט (דערוואַרטנדיג מ׳זאָל אים איינלאַדן צו דינער): ס׳איז שוין צוויי אַזייגער. כ׳האָב מורא אַז איך האַלט אייך צוריק פון אייער דינער...

באַלעבאָסטע: ניין, חלילה, כ׳האָב מורא אַז מיר האַלטן אייך צוריק פון גיין האָבן אייער דינער...

* *

לעזער: ווי אַזוי ווייסט מען, וועלכע שרייבער עס זיינען אומשטערבליך און וועלכע שטערבליך?

שרייבער: גאַנץ איינפאַך. די וואָס האָבן ניט קיין „דזשאַבס” אין רעדאַקציעס זיינען שטערבליך — זיין שטאַרבן פון הונגער; אָבער די וואָס זיינען אָנגעשטעלט אין די צייטונגען און מאַכן אַ לעבן, זיינען אומשטערבליך...

דייטש: ביי אונז אין דייטשלאַנד הייגגט מען ניט קיין אַלטע לייט מיט גראָע האָר.

אַמעריקאַנער: יאָ איך ווייס. מען הייגגט זיי ניט מיט גראָע האָר נאָר מיט שטריק...

* *

באַלעבאָסטע: עס ווייזט מיר אויס, אַז די ערגסטע באַלעבאָסטעס קריגן די בעסטע דינסטן.

נייע דינסט: אַ דאַנק אייך פאַר דעם קאָמפּלימענט.

* *

דאָקטאָר: איר דאַרפט זיך שטענדיג געפינען אין אַ טעמ־פעראַטור פון זיבעציג.

פּאַציענט: נו יאָ, דאָקטאָר, אָבער וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין טעמפּעראַטור פון דרייסיג?...

* *

ערשטער: מיין ברודער האָט בעבעך פאַרלאָרן זיין גאַנצן קאַפּיטאַל דעם ערשטן יאָר נאָך זיין חתונה.

צווייטער: ווי אַזוי האָט דאָס זיין ווייב געגומען?

ערשטער: זי האָט גענומען ווי זי האָט געקענט — אַ טויזנט אַהער אַ טויזנט אַהין...

* *

עלטערער מאַן: פאַרוואָס האָט איר ניט חתונה געהאַט ביז איצט?

עלטערע מיידל: צו־וואָס דאַרף איך חתונה האָבן? איך האָב אַ הינטל וואָס בילט, אַן אויוועלע וואָס רויכערט, און אַ קאַץ וואָס שלעפט זיך אַרום גאַנצע נעכט. וואָלט אַ מאַן געטאָן מער ווי דאָס פאַר מיר?

* *

לעקטשורער: איר זייט נעכטן געווען ביי מיין לעקטשור, האָב איך געזען. ווי האָט איר עס געגליכן?

באַזוכער: יאָ, אָבער לעבן מיר זיינען געזעסן צוויי ווייבער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין ריידן, און מיך ניט געלאָזט אַן אויג צומאַכן...

דאָקטאָר: ניין, קיין אפעראַציעס וועלן אייך ניט העלפן. איר מוזט אויפגעבן שיכור'ן צו ווערן געזונט.

פּאַציענט: אַזוי ערנסט איז שוין מיין צושטאַנד אַז איך מוז אויפגעבן שיכור'ן? אַבי איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אָפּקומען בלויז מיט אַן אָפּעראַציע אויף מיינע געדערעם.

* *

יונגערמאַן: רבי, ווי מאַכט מען אַ ברכה אויף אַ דונער?

דער רב: אויף אַ דונער מאַכט מען אַ ברכה „שכחו וגבורתו מלא עולם".

יונגערמאַן: און ווען מיר האָט געטראָפן אַ דונער האָב איך געמאַכט אַ ברכה „הרי את מקודשת לי"...

* *

מאַן: ווייסטו דען ניט, אַז שווייגן איז גאָלד?

ווייב: געוויס ווייס איך. כ'האָב דאָס געהערט נאָך אַלס קינד. דו מעגסט עס הערן: איינמאָל אַ פאַרנאַכט, דאָס האָט געמוזט זיין אַ זייגער פינף, און אפשר טאָקע די גאַנצע זעקס, האָט מיין מאַמע געהאַלטן אין מיטן קאָכן וועטשערע, קומט אַריין מיין מומע ביילע מיט די קינדער — העי, וואו גייסטו?!

* *

מר. שטיין: ווי גייט־אַן אייער נייער איידים?

מר. ביין: ער לעבט פון האַנט צום מויל.

מר. שטיין: נעבעך, וואָס טוט ער?

מר. ביין: ער איז אַ דענטיסט.

* *

אַרומשלעפּער: האָט איר ניט אפשר אַן אַנשטענדיגן מאַלצייט פאַר אַן אַנשטענדיגן מאַן?

באַלעבאָסטע: געוויס, ער וועט ערשט קומען זעקס אַזייגער פון דער אַרבייט.

* *

לאָיער: וואָס האָט ער אייך געענטפערט ווען איר האָט אים דערלאַנגט דעם ביל און געפאָדערט דעם חוב?

קליענט: ער האָט געזאָגט „גייט צום טייוול!"

לאָיער: נו?

קליענט: נו, בין איך דאָס געקומען צו אייך.

*   *

ריכטער: איר זייט אָנגעקלאָגט פאַר'ן אַרויסוואַרפן אייער שוויגער דורכ'ן פענסטער. וואָס איז אייער פאַרטיידיגונג?

אָנגעקלאָגטער: מיין שוויגער האָט אָנגעמאַכט אַ בייז לעבן צווישן מיר און מיין ווייב און דערצו פלעגט זי מיר פּאַריאַדען צום טוידט.

ריכטער: נו יאָ, אָבער איר האָט דאָך געקענט מיט איר אימיצן טרעפן אונטער אייער פענסטער און אָוועק'הרג'ענען...

*   *

מר. גרין: וואָס טוט אייער נייער שוואָגער און ווי גייט ער אָן?

מר. שפּין: ער האָט געעפנט אַ דזשולערי סטאָר.

מר. גרין: גאַנץ פיין, דאָס איז אַ גוטע ביזנעס.

מר. שפּין: יאָ, אָבער דער נאַכט־וועכטער האָט אים גע־כאַפּט נאָך איידער ער האָט פון דאָרט געקענט עפּעס אַרויסטראָגן און האָט אים געלאָזט אַרעסטירן.

*   *

מענעדזשער: דער לעקטשורער וואָס איך האָב אייך גע־שיקט איז דאָך דער בעסטער אין פעלד.

אונטערנעמער: אין פעלד איז ער אפשר דער בעסטער, אָבער ניט אויף דער פּלאַטפאָרמע.

*   *

זי: איר רעדט אַלץ פון זיך און פון זיך, און דערמאָנט גאָר קיין וואָרט ניט וועגן מיר.

ער: אָ, יאָ, אַנטשולדיגט, אַלזאָ ווי גלייכט איר — מיין נייעם אָנצוג?

*   *

פאַנצער: אָט דאָ האָב איך אַ נאָטע וואָס באַווייזט אַז אַ געוויסער מאַן פּלאַנט צו אַנטלויפן מיט מיין ווייב.

טאַנצער: ווערסטו אים שיסן?

פאַנצער: געוויס, אויב ער וועט חרטה האָבן.

*   *

יונגערמאַן: וואָס פאַראינטערעסירט אייך צום מערסטן?

פריילין: אַ גוט בוך.

יונגערמאַן: אַ שטייגער וואָס פאַר אַ בוך?

פריילין: אַ טשעק־בוך.

*   *

באַלעבאָסטע: די כלים וואָס איר צוברעכט אין קיך באַטרעפן מער וויפיל אייער געהאַלט איז.

דינסט: טאָ העכערט מיין געהאַלט.

*   *

אַקטריסע (נאָך דער פאָרשטעלונג): דענקט איר, אַז ווען איך וועל ווערן אַלט און עובר־בטל וועט דאָס פובליקום מיך אויך טאָלערירן?

דירעקטאָר: געוויס, אַט זעט איר דאָך.

*   *

יונגער מאָלער: (אויף אַ קונסט־אויסשטעלונג): פאַר־וואָס האָט מען מיין בילד אויפגעהאַנגען אַזוי הויך?

דירעקטאָר: זאָרגט זיך ניט. די קריטיק וועט עס שוין אַרונטעררייסן נידעריג גענוג.

*   *

לענדלאָרד: איר דאַרפט מיר ניט דאַנקען. איך האָב אייך פאַרקלענערט אייער דירה־געלט פאַר מיין אייגענעם בענעפיט.

שכן: ווי אַזוי?

לענדלאָרד: כדי איך זאָל וויניגער פאַרלירן ווען איר וועט ניט צאָלן...

*   *

רעדאַקטאָר: אייער אַרטיקל טויג ניט. דער פּראָסטער מענש וועט אים ניט קענען פאַרשטיין.

שרייבער: וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט?

מרס. מאַנדל: מיין מאַן איז ענדליך דערהויבן געוואָרן אין זיין אַרבייט און עס אַרבייטן שוין איצט אונטער אים אַרום הונ־דערט מענשן.

מרס. קאַנדל: ווי אַזוי?

מרס. מאַנדל: ער איז דערהויבן געוואָרן פון דריטן־פלאָר צום פירטן, און איצט אַרבייטן אונטער אים, אויפ׳ן דריטן פלאָר, אַרום הונדערט אַרבייטער.

* *

פּאַציענט: עס טוט מיר קיינזאַך ניט וויי, אָבער מיין פעלער איז וואָס איך רייד צו זיך אַליין. אָט פון דער קראַנקהייט וויל איך זיך אויסקורירן.

דאָקטאָר: ריידן צו זיך איז ניט קיין פעלער און ניט קיין קראַנקהייט. עס זיינען פאַראַן אַ סך מענשן וואָס ריידן צו זיך.

פּאַציענט: נו יאָ, דאָקטאָר, אָבער איר ווייסט ניט וואָס פאַר אַ נודניק איך בין!

* *

מיסעס רעטעד: זאָג מיר, חיים, וואָס מיינט „פּלוטאָ־קראַטיע״?

מיסטער רעטעד: „פּלוטאָקראַטיע״ איז, פאַרשטייסטו מיך, אַזאַ מין... וואָס איז באַוואוסט אַלס די... בקיצור ריידנדיג, ס׳הייסט אין גרונט גענומען, אַ... אַ נאָמען וואָס מיינט, קען מען זאָגן, אַזוי ווי דאָס הייסט טאַקע, פון דידאָזיגע סאָרטן וואָס... וואָס געפינען זיך אין די ביכער... פאַרשטייסטו שוין?

מיסעס רעטעד: יאָ, קלאָר ווי דער טאָג...

* *

לערער: וויפיל מאַכן אַ טוצנד?

שילער: צוועלף.

לערער: און וויפיל מאַכן אַ מיליאָן?

שילער: זייער ווייניג.

* *

באַלעבאָסטע: וואָס רעכנט איר פאַר אַ טוצענד אייער?

סטאָרקיפּער: די גאַנצע אייער קאָסטן זיבעציג סענט אַ טוצענד און די געבראָכענע — פופציג סענט אַ טוצענד.

בלעבאָסטע: ברעכט מיר אויף אַ טוצענד אייער...

* *

מיסעס גרויס: זינט מיין מאַן טרעט־אויף אויף דער ראַדיאָ האָט ער נעכטן צום ערשטן מאָל געבראָכן אַלע רעקאָרדס.

מיסעס קליין: ווי אַזוי?

מיסעס גרויס: די רעקאָרדס וועלכע ער שטעלט־אָן אויף דער ראַדיאָ האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און זיינען אויפ׳ן צעמענטענעם פלאָר צובראָכן געוואָרן.

* *

מיס גרין: מיין געליבטער, דער דענטיסט, האָט מיט איין מאָל אָפּגעראַטעוועט אַלע מיינע ציין.

מיס געל: ווי אַזוי?

מיס גרין: אַזוי שנעל ווי ער האָט דערזען, אַז זיין ווייב וויל מיך באַפאַלן האָט ער זי צוריקגעהאַלטן און איך האָב זיך דערווייל אַרויסגעדרייט.

* *

קלערק: איך גיי מאָרגן אַרויסנעמען „מערידזש לייסענס", קען איך האָבן דעם טאָג פריי?

באַלעבאָס: וואָס, אויף פופצן טאָלער אַ וואָך גייסטו חתונה האָבן, דו שטיק פערד?

קלערק: איך גיי אָבער קריגן אַ רייכן שווער.

באַלעבאָס: ווער איז ער דאָס, דיין אידיאָטישער צוקינפטיגער שווער?

קלערק: טאַקע איר אַליין.

* *

מר. זיצער: היינטיגע צדיקים! מיינער אַ לאַנדסמאַן, וועלכער האָט אין דער היים געשפּילט די ראָליע פון אַן ערליכן פרומען אידן, און איז אין אַמעריקע נאָך קיין יאָר ניט, האָט שוין געאַרבייט ראש השנה און יום כפור!

מר. שוויצער: וואָס טוט ער, אייער צאַצקעדיגער לאַנדסמאַן?

מר. זיצער: ער איז אַ חזן.

* *

יונגערמאַן: און ווי גלייכט איר בעטהאָווען?

פריילין: ער איז ניט שלעכט, אָבער די דערציילונגען פון קאַרל מאַרקס זיינען פיל אינטערעסאַנטער.

* *

זי: איך האָב ניט קיין באַהאַלטענע סודות; איך בין אַן אָפענער בוך!

ער: יאָ, אַ בוך אין אַ גרויסער צירקולאַציע...

* *

ווייב: ווער איז זי דאָס, אָט די ליידי וועמען דו האָסט אַזוי פריינטליך באַגריסט?

מאַן: עט, סתם אַ באַקאַנטע...

ווייב: רייד מיר ניט איין. כ'האָב געזען נאָך איר שמייכעלע אַז זי איז דיר מער ווי „סתם אַ באַקאַנטע". דו מוזט מיר זאָגן ווער זי איז!

מאַן: לאָז מיך אָפּ — כ'וועל האָבן גענוג טראָבל איר צו דערקלערן ווער דו ביזט...

* *

מר. שטיין: איך בין נעכטן געווען אין צירק האָב איך דאָרט געזען אַ מאַן, וואָס איז געבאָרן מיט איין אויג.

מר. קליין: דאָס איז גאָרנישט. ביי מיינע אַ קוזינע אין דער סאַוט איז געבאָרן געוואָרן אַ מיידעלע מיט איין רעכטע האַנט.

מר. שטיין: און די אַנדערע האַנט?

מר. קליין: די אַנדערע האַנט איז ביי איר אַ לינקע...

* *

מר. גרין: מיין ווייב האָט שוין אויפגעגעבן רויכערן פאַפּיראָסן.

מ ר . ג ע ל : פון וואַנען ביזטו דאָס אַזוי זיכער ?

מ ר . ג ר י ן : איך האָב געפונען אַ פּאָר שטיקלעך ציגאַרן אין איר פּאַקעט בוק.

*   *

ה ע ר י : אַ סך פיש האָסטו נעכטן געכאַפּט ?

ד ז ש ע ר י : גאָרניט. דער סטאָרקיפּער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט און געוואַטשט די פיש אויפ׳ן סטענד.

*   *

ז י : איר באַרימט זיך, אַז מיידלעך יאָגן זיך נאָך אייך, אָבער איך האָב געהערט, אַז איר פאַרדרייט זיי די קעפּ.

ע ר : ווי אַזוי ?

ז י : ווען אייערע באַקענטע מיידלעך טרעפן אייך אַן אין גאַס פאַרדרייען זיי די קעפּ . . .

*   *

ס ט ו ד ע נ ט : וואָס דיינקט איר, פּראָפעסאָר, איז מעכטיגער — דאָס וואָרט אָדער די האַנט ?

פּ ר אָ פ ע ס אָ ר : געוויס די האַנט. ווייל די הענט קענען זיך באַגיין אָן דעם וואָרט, אָבער ריידן אָן די הענט קען מען ניט . . .

*   *

מ ר ס . מ ע ר ל : אונזער נייע שכנה איז אַ פּראָסטע פרוי און קען מיט איר מאַן ניט שטימען, אָבער זי איז אַן אויסגעצייכנטע טרעפערקע.

מ ר ס . פּ ע ר ל : וואָס, אַ שטייגער, טרעפט זי ?

מ ר ס . מ ע ר ל : יעדעס מאָל וואָס זי וואַרפט איר מאַן אַ טעלער אין קאָפּ טרעפט זי.

*   *

ד ב ו ר ה ׳ ל ע : מאַמע, וואָס איז אַ מלאך ?

מ אַ מ ע : אַ מלאך איז אַ מיידעלע וואָס קען פליען.

ד ב ו ר ה ׳ ל ע : אַז פּאַפּע זאָגט בעסי (די דינסט) איז אַ מלאך, קען זי דען אויך פליען ?

מ אַ מ ע : געוויס, מאָרגן וועט זי פליען פון דאַנען.

מר. ברעכער: דריי מייל בין איך געגאַנגען צו פוס אין אַ שניי־שטורם צו קומען אימיצן אָנברעכן די ביינער פאַר'ן באַלעס־טיגן מיין ווייב, אָבער ווען איך בין געקומען בין איך געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך האָב אים קוים געקענט געבן אַ לייכטן ריר מיט מיין האַנט.

מר. שטעכער: טאָ ווי האָט איר געקענט קומען צוריק אַהיים נאָך אַזאַ אָנשטריינגונג?

מר. ברעכער: צוריק בין איך שוין געקומען אין אַן אַמבולאַנס.

* *

טאָכטער: איך קען מיט אים ניט חתונה האָבן. ער איז אַן אַטעאיסט און גלויבט ניט אַז עס איז דאָ אַ גיהנום אויף יענער וועלט.

פאָטער: אָבער אַז עס קען זיין אַ גיהנום אויף דער וועלט גלויבט ער?

טאָכטער: אויך ניט.

פאָטער: טאָ האָב טאָקע מיט אים חתונה און איבערצייג אים אַז עס קען יאָ זיין.

* *

ווייב: איצט, אַז מיר האָבן שוין אויסגעגעבן אונזערע קינ־דער, קענען מיר שוין לעבן רואיג.

מאַן: יאָ, מיין ווייב. און דערצו האָב איך באַשלאָסן, אַז אַזוי שנעל ווי איינער פון אונזביידע שטאַרבט חלילה, נעם איך גלייך און פאָר אַוועק קיין ארץ ישראל.

* *

מר. פליק: ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, אַז איר זאָלט האָבן אויפגעגעסן דריי פונט פלוימען מיט איין מאָל?

מר. בליק: די פלוימען, פאַרשטייט איר מיך, זיינען געווען קליינינקע.

* *

באַלעבאָסטע: נאָ, מאַשאַ, דאָ שיינק איך דיר צו דיין געבורטסטאָג אַ שאַל, וואָס איז 200 יאָר אַלט.

דינסט: אַ דאַנק, אָבער עס מאַכט ניט אויס. אויב נאָר

מען קען אים נאָך טראָגן וועל איך קיינעם ניט אויסזאָגן ווי אַלט ער איז.

* *

ווייב (נאָכ'ן באַנקעט): אַ גאַנצן טאָלער האָסטו געגעבן דעם קליידער־היינגער קלערק, און אַ קוואָדער וואָלט דען ניט גענוג געווען?

מאַן: אָבער זע וואָס פאַר אַ מאַנטל ער האָט מיר געגעבן!

* *

מיני: טרעף וויפיל עפל איך האָב אין דעם „בעג", און איך וועל דיר אָוועקגעבן אַלע זעקס.

פיני: זעקס עפל האָסטו.

מיני: געטראָפן. אימיצער האָט דיר מסתמא אויסגעזאָגט.

* *

מיס קרעפל: נעמט ביי מיר אַ ראָפל (פלעט) פאַר אַן אַלטן קראַנקן מאַן.

מיס בוריק: וואָס טויג מיר אַן אַלטער, קראַנקער מאַן, אויב איך וועל אים אַפילו געווינען?

* *

דינסט: פּראָפעסאָר, אין אייער ביבליאָטעק איז דאָ אַ גנב!

פּראָפעסאָר: טאַקע?! און וואָס לייענט ער?

* *

ווייב: די דרעסמייקער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז זי וועט מיר מער קיין קליידער ניט נייען ביז איך וועל איר באַצאָלן וואָס איר קומט.

מאַן: דאָס איז אַ גוטע בשורה! — איך גיי איר גלייך שיקן אַ דאַנק־בריוו.

* *

פריינדין: אַלזאָ נעקסטן מאָנאַט גיי איך פייערן מיין פינף־און־צוואַנציג יאָריגן געבורטס־טאָג.

יונגערמאַן: טאַקע שוין לאַנג צייט געווען...

גנב: שרעקט זיך ניט. אַלץ וואָס איך וויל פון אייך איז בלויז אייער געלט.

עלטערע מיידל: איר זייט פונקט אַזוי ווי אַלע מענער.

* *

פּאַציענט: איך דאַרף זיך אַרויסנעמען אַ פּאָר ציינער — וויפיל רעכנט איר פאַר׳ן אַרויסציען אַ צאָן?

דענטיסט: צוויי דאָלער.

פּאַציענט: איך האָב ביי זיך נאָר איין דאָלער, טאָ ציט מיר דערווייל אַרויס אָט דעם האַלבן צאָן.

* *

ער: וואָלט איר געהייראַט אַ מאַן וואָס איז נאַריש און אומוויסנד, אויב ער האָט נאָר אַ סך געלט?

זי: וויפיל געלט האָט איר?

* *

מוטער: טאָכטער, עס איז ניט שיין זיך אומצוקערן ווען אַ יונגערמאַן גייט דיך פאַרביי.

טאָכטער: איך האָב נאָר געוואָלט זען אויב ער קערט זיך אום צו זען אויב איך קוק אים נאָך...

* *

גאַסט: רייזעלע, ווי אַלט ביזטו?

רייזעלע: איך ווייס ניט. אָבער איך ווייס אַז ווען מיין מאַמע האָט מיך געהאַט איז זי אַלט געווען 30 יאָר און איצט איז זי 28.

* *

זי: איר ווילט מיט מיר הייראַטן און איר פאַרדינט, זאָגט איר, זעכצן דאָלער פּאָר אַ גאַנצער וואָך?

ער: וועגן דעם דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן. אַז מען האָט זיך ליב לויפט די וואָך אַוועק זייער שנעל...

* *

מר. גרין: איך האָב געהערט אַז איר האָט חתונה געהאַט. האָט איר געקראָגן אַ אינטערעסאַנטע פרוי?

מר. געל: זייער אַ אינטערעסאַנטע. אין ליטעראַטור איז זי ווי ביי זיך אין דער היים; אין מוזיק — ווי ביי זיך אין דער היים. אָבער איר דאַרפט אָנקוקן אונזער היים, אוי וויי איז מיר...

* *

מר. ווייס: אַט גייט אַ פאַרהייראַטע פאָר וואָס זיינען שטערבליך פאַרליבט איינער אינ׳ם אַנדערן.

מר. שוואַרץ: זיינען זיי שוין לאַנג פאַרהייראַט?

מר. ווייס: ער איז פאַרהייראַט אַ יאָר פיר־פינף, און זי האָט געהייראַט אומגעפער אַ יאָר צוריק...

* *

קריטיקער: איך האָב בעכטן געזען אויף דער אויסשטע־לונג אייער הינטישע סטאַטוע. ווען קאָרמעט מען דאָרט אייער „הונט"...

סקולפּטאָר: יעדעס מאָל ווען ער פאַנגט אָן צו בילן...

* *

מר. מילער: ווי זיינען אַרויסגעקומען די נייע ציין וואָס איר האָט זיך געלאָזט מאַכן?

מר. שפּילער: זיי זיינען גאָרניט אַרויסגעקומען נאָר אַריינגעקומען. בלויז מיינע אייגענע ציין זיינען אַרויסגעקומען...

* *

מר. ווייס: ווי קומט עס וואָס אייער ווייב וואוינט אין ברוקלין און איר וואוינט אין די בראָנקס?

מר. שוואַרץ: מיר האָבן אויסגעפונען, אַז מיר קענען לעבן בעסער צוזאַמען ווען מיר וואוינען באַזונדער...

* *

ראַבינער: איך האָב מורא, מיין פריינט, אַז איך וועל אייך שוין אין גן־עדן ניט זען.

אַרבייטער: מיט וואָס האָט איר זיך פאַרזינדיגט?

* *

מוזיק לערער: איר קוקט מיר אויס צו זיין מוזיקאַליש. קענט איר פידל שפּילן?

יונגערבחור׳ל: איך ווייס ניט, איך האָב עס נאָך קיינמאָל ניט געפּרובירט.

* *

אַמעריקאַניזירטער: ווי שעמט זיך דאָס ניט אַ איד צו גיין אויף פינפטע עוועניו און קראַצן זיך!

גרינער איד: טאָ ווי־זשע דען? אַז מיר בייסט אין פינפטע עוועניו זאָל איך זיך קראַצן אין העסטער סטריט?

* *

פּאַציענטקע: זאָגט מיר, דאָקטאָר, וואָס מיין קראַנקהייט איז, אין פּשוט׳ן אידיש.

דאָקטאָר: איר זייט ניט קראַנק, נאָר איר זייט פּשוט פויל.

פּאַציענטקע: און ווי רופט מען אָט־די קראַנקהייט אין לאַטיין, איך זאָל עס קענען זאָגן מיין מאַן?

* *

פרעמדער: קען איך זען דעם וויצע־רעדאַקטאָר?

אָנגעשטעלטער: דער וויצע־רעדאַקטאָר איז איצט ניטאָ, אָבער איר קענט זען דעם הויפּט־רעדאַקטאָר.

פרעמדער: ניין, איך מוז זען נאָר דעם וויצע־רעדאַקטאָר, ווייל איך האָב פאַר אים אַ וויץ.

* *

מר. ווייס: גלייך דעם ערשטן טאָג וואָס איך בין געוואָרן אַ סיילסמאַן האָב איך געקראָגן אַ גרויסע באַשטעלונג.

מר. שוואַרץ: וואָס פאַר אַ באַשטעלונג?

מר. ווייס: אַ באַשטעלונג פון מיין ווייב אויף אַ נייעם פאַר־קאָוט.

* *

ער: דענקט איר, אַז איר וועט קענען לעבן אויף מיין איינקונפט?

זי: יאָ, אָבער פון וואָס וועט איר דען אַליין לעבן?

* *

באַזוכער: פאַרוואָס זיצט איר אין פּריזאָן?

אַרעסטאַנט: פאַר נעמען אַ בילד.

באַזוכער: וואו, אין גאַס ?
אַרעסטאַנט: ניין, פון אַ קונסט גאַלערי...

* *

מינע: מיין טאַטע איז אַריינגעקומען אין פראָנט־רום און געמאַכט ליכטיג, גראָדע ווען איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין געליבטן.

לינע: דיין האַרץ איז דיר מסתמא איינגעפאַלן.

מינע: ניין, ער איז דורכגעשפרונגען דורכ'ן פענסטער.

* *

פרעמדער: וואָס איז דער שנעלסטער וועג צום סיטי האָספיטאַל ?

פאַליסמאַן: מאַכט צו די אויגן און גייט אַזוי אַריבער די גאַס, וועט איר דאַרט זיין אין צען מינוט...

* *

מאַן: האָסטו זיך טאַקע געלאָזט פון אים קושן אונטער מיין נאָז ?

ווייב: ניין, אונטער מיין אייגענעם נאָז.

* *

מר. שער: יאָ, מיין פריינט, איך האָב פאַרלאָרן אַלע מיינע קרובים.

מר. נאָדל: וואָס האָט פאַסירט ?

מר. שער: זיי זיינען אַלע רייך געוואָרן.

* *

זי: איר זייט דער לעצטער מאַן וועמען איך וואָלט וועלן הייראַטן.

ער: אויב דער לעצטער, טאָ וויפיל מענער וואָלט איר וועלן הייראַטן פריער פאַר מיר ?

* *

מאַן: איר, ווייבער, גייט דאָך אין טעאַטער בלויז צו זען וואָס ווייבער טראָגן.

פרוי: און איר, מענער, גייט דאָך אין טעאַטער בלויז צו זען וואָס ווייבער טראָגן ניט...

מר. גרין: איר קוקט היינט אויס עפּעס אַזוי פאַרטרויערט, וואָס איז דער מער?

מר. געל: מיין בעסטער פריינט איז אייערנעכטן אַנטלאָפן מיט מיין ווייב.

מר. גרין: נו, איר מוזט זיך טרייסטן.

מר. געל: יאָ, אָבער ער איז מיר אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, אַז איך וועל זיכער בייַנקען נאָך אים.

* *

וואַרזאָגער: איך זע אויף אייער האַנט, אַז איר זייט זייער עקאָנאָמיש.

באַזוכער: אויף וואָס עקאָנאָמיש?

וואַרזאָגער: אויף וואַסער און זייף.

* *

זי: אָ, טייערער, ווי איך וואָלט שוין וועלן האָבן מיין איי־גענע היים!

ער: יאָ, מיין טייערע, אַזוי שנעל ווי דו וועסט עס האָבן זאָלסטו מיר לאָזן וויסן און מיר וועלן דאַן קענען חתונה האָבן.

* *

זי: גלויבט איר טאַקע אין דער סטאַטיסטיק אַז פּונקט אַ העלפט פון פאַרהייראַטע פּאָרלעך זיינען אומגליקליך?

ער: געוויס אַ העלפט — די מענער.

* *

קעלנער: זאָל איך עפענען פאַר אייך די צווייטע איי אויך?

עסער: ניין, ניין. עפנט בעסער פאַר מיר דעם פענסטער...

* *

צאַרישער פּאָליצמייסטער: סיביר איז אַ פּלאַץ וואָס איז נאָר פּאַסיג פאַר אידן און הינט.

אידישער אַדוואָקאַט: טאָ קומט, לאָמיר פאָרן אַהין.

* *

זי: פון וואָס האָט איר זיך פּלוצלינג אַזוי פאַרטראַכט?

ער: איך טראַכט דאָס זעלביגע וואָס איר טראַכט.

זי: פע, וואָס פאַר טריפה׳נע געדאַנקען איר האָט!...

מר. כאַפּ: היינט אָוונט גיי איך פאַרברייגגען אין גוטער געזעלשאַפט.

מר. לאַפּ: וואָס, מיט דעם אַלטן מאַנטל?

מר. כאַפּ: ניין, מיט אַ בלאָנדינקע.

* *

מוטער: זאָרג זיך ניט, טאָכטער, איידער דו וועסט גיין צו דער חופה וועל איך דיר דערקלערן אַלץ וואָס דו דאַרפסט וויסן.

טאָכטער: וועל איך דאַן קענען קריגן אַזוי פיל „אַלימאָני" וויפיל דו קריגסט?

* *

מאַן: צו אַלץ וואָס איך האָב זיך נעכטן צוגערירט האָט געבראַכט בלויז שאָדן.

ווייב: דערפאַר האָט טאַקע אונזער דינסט נעכטן צובראָכן עטליכע טעלער.

* *

ביילע: איז אייער מאַן שווער צופרידענצושטעלן?

קיילע: איך ווייס ניט. כ'האָב עס נאָך קיינמאָל ניט געפּרובירט.

* *

ער: אָט־די מיליאָנען שטערן זייִנען מיינע עדות אַז איך ליב דיך.

זי: וואָס טויגן מיר די מיליאָנען עדות אויפ'ן הימל? נעם בעסער צוויי עדות פון נעקסט דאָר און לאָמיר שטעלן חופה.

* *

יונגערמאַן (ביים ים): איך וויל וויסן ווער פון אייך האָט געראַטעוועט מיין שוויגער.

לעבנס־רעטער: רעגט זיך נאָר ניט אויף, יונגערמאַן. פאַרגעסט ניט, אַז מיר זייִנען דאָ פינף אַנטקעגן אייך איינעם.

* *

קלמן: איך האָב צוויי ברידער מיט צוויי שוועסטער, אָבער מיין שוועסטער לאה האָט דריי ברידער מיט איין שוועסטער...

זלמן: ווי אַזוי קען דאָס מעגליך זיין?

שמערל: בערל, איר שלאָפֿט?

בערל: וואָס איז?

שמערל: לייט מיר צוויי טאָלער ביז מאָרגן.

בערל: איך שלאָף, איך שלאָף!

* *

מר. גרין: ווען איר קריגט זיך מיט אייער ווייב, האָט זי דעם לעצטן וואָרט?

מר. געל: ניין, זי האָט די לעצטע צוויי טויזנט ווערטער.

* *

מרס. ווייס: וואָס מאַכט אייער מאַן?

מרס. שוואַרץ: אַזוי ווי שטענדיק. ווען ער ווערט בעסער ווערט ער ערגער און ווען ער ווערט ערגער ווערט ער בעסער...

* *

פּאַרמער: וואָס קאָסט אַ טעלעגראַמע צו דייטאָן?

קלערק: דייטאָן, ניו יאָרק, אָדער דייטאָן, אָהייאָ?

פּאַרמער: וועלכע איז ביליגער?

קלערק: דייטאָן, ניו יאָרק.

פּאַרמער: טאָ שיקט צו דייטאָן, ניו יאָרק.

* *

ער: איר האָט שוין אַן אייניקל, טאָ ווי אַלט זייט איר?

זי: פֿערציק יאָר.

ער: קיין עין הרע, איך אין אייערע יאָרן וואָלט שוין געווען אַריבער פֿופֿציק.

* *

ווייב: משה, די לעצטע צייט האָסטו מיר עפּעס אָנגעהויבן צו ריידן פֿון שלאָף, וואָס איז דער מער?

מאַן: נישקשה, דאָס איז מיין איינציגע געלעגנהייט זיך אויסצורײדן אין דיין געגנוואָרט.

ע ר: אויב איר וועט אָפּברעכן אונזער פאַרלאָבונג וועל איך פּובליצירן די בריוו וואָס איר האָט מיר געשריבן.

ז י: איר קענט עס טאָן. ס'איז אין די בריוו קיינזאַך ניטאָ מיט וואָס איך זאָל זיך דאַרפן שעמען, אַחוץ דער נאָמען צו וועמען זיי זיינען געשריבן געוואָרן.

* *

ז י מ ע ל ע: טרעף וואָס מיין מאַמע האָט נעכטן געבוירן.

ב ל י מ ע ל ע: אַ אינגעלע.

ז י מ ע ל ע: ניין.

ב ל י מ ע ל ע: אַ מיידעלע.

ז י מ ע ל ע: געטראָפן.

* *

מ ר. ש וו אַ ר צ ב ע ר ג: האָט איר, הייסט עס, געהאַט די עצות פון צוויי באַזונדערע לאָיערס. זיינען זיי כאָטשביידע געווען גלייך?

מ ר. וו י י ס ב ע ר ג: יאָ, ביידע גלייך — צו פינף־און־צוואַנציג דאָלער אַ שטיק.

* *

מ י ס ט ע ר ל אַ נ ג: מיין שוואָגער, דער מאָלער־אַרטיסט, האָט לעצטע וואָך געהאַט אַן אויסשטעלונג.

מ י ס ט ע ר ק ו ר ץ: וואָס פאַר אַן אויסשטעלונג?

מ י ס ט ע ר ל אַ נ ג: דער לענדלאָרד האָט אים אַרויסגע־שטעלט אין גאַס.

* *

ש כ ן א י י נ ס: איך האָב געהערט פון די שכנים, אַז אייער ווייב האָט אייך געשלאָגן מיט אַ שטעקן.

ש כ ן צ וו י י: זאָגט זיי, די פליאָטקע־טרייבער, אַז עס איז אַ פאַרדאַמטער ליגן! מיין ווייב האָט מיך ניט געשלאָגן מיט קיין שטעקן, נאָר מיט אַ וואַלגערהאָלץ.

* *

מ י נ ע: איך און מיין פריינט, מיסטער לעמעך, זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אויף אייביג.

ליבע: וואָס? דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז ער איז איינער פון טויזנט.

מינע: ער איז טאַקע איינער פון טויזנט, אָבער ער האָט זיך דערוואוסט וועגן מיינע אַנדערע 999.

* *

מרס. הענדום: מיינע דאָקטוירים האָבן מיך שוין לאַנג אויפגעגעבן.

מרס. פענדום: וואָס איז דער מער מיט אייך?

מרס. הענדום: איך האָב זיי ניט באַצאָלט וואָס זיי קומט.

* *

קאַרגער גביר: עס מאַכט ניט אויס, איר מעגט בילן וויפיל איר ווילט — אַ הונט וואָס בילט בייסט ניט.

אָרעמאַן: ווען דער „הונט" וואָלט אָבער געהאַט וואָס צו בייסן וואָלט ער דאָך ניט געדאַרפט בילן...

* *

באַלעבאָס: זייט איר פריי פאַר אַ מינוט?

קלערק: ניט פאַר אַ מינוט בין איך פריי נאָר פאַר שטענדיג — כ'האָב איצט באַקומען מיין דיוואָרס (גט)...

* *

ער: קען איך אייך נעמען אַהיים?

זי: יאָ, וואו וואוינט איר?

* *

זומער-גאַסט: איר האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז איר האָט ניט קיין מאָסקיטאָס אויף אייער זומער-פּלאַץ.

האָטעל-קיפּער: ס'איז אמת. אָט די אַלע מאָסקיטאָס וואָס פליען דאָ אַרום קומען אָבער פון די אַנדערע זומער-פּלעצער.

* *

מר. ווייס: איך בין די לעצטע צייט אַזוי פאַרוואָרפן מיט אַרבייט, אַז איך האָב שוין פאַר 20 טעג ניט געשלאָפן.

מ ר. ש ו ו אַ ר ץ: ווי אַזוי קענט איר דאָס אויסקומען 20 טעג אָן שלאָפן?

מ ר. ו ו י י ס: איך שלאָף בייטאָג בייטאָגן... 

* *

ע ר ש ט ע ר  א י ד: ווען געפאַלט דער ערשטער טאָג חנוכה?

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד: איך ווייס ניט, איך בין ניט קיין היגער.

* *

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע: פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָזן דיין פריערדיגן פלאַץ?

ד י נ ס ט: ווייל דער באַלעבאָס פלעגט מיך װעלן נאָכאַנאַנד קושן.

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע: גאַנץ שיין וואָס דו ביזט אַזוי אנשטענדיג.

ד י נ ס ט: און זיינע וואָנצעס זיינען געווען אַזוי שטעכעדיג, אַז איך האָב שוין דאָס לייגער ניט געקענט פאַרטראָגן.

* *

ר י כ ט ע ר: אַט די דריי עדות האָבן געשוואָרן אַז זיי האָבן געזען ווי דו האָסט גע׳גנב׳עט דאָס פערד.

אָ נ ג ע ק ל אָ ג ט ע ר: און איך קען ברייגנען אַ הונדערט עדות וואָס וועלן שווערן, אַז זיי האָבן מיך נ י ט געזען גנב׳ענען דאָס פערד.

* *

מ ר. ו ו ע ב ע ר: מיין זון האָט באַשלאָסן צו אינשורן (פאַרסטראַכירן) זיין ווייב קעגן פייער־אומגליקן.

מ ר. ל ע ב ע ר: פאַרוואָס עפּעס קעגן פייער?

מ ר. ו ו ע ב ע ר: ווייל אַזוי שנעל ווי ער רעדט אַרויס אַ וואָרט וואָס איר געפעלט ניט צינדט זי זיך גלייך אָן.

* *

ו ו י י ב: ווי גלייכסטו אויף מיר מיין נייע באַל־קלייד?

מ אַ ן: וואו איז די קלייד אויף דיר? איך זע זי ניט...

בוכהענדלער: וואָס פאַר ביכער ווילט איר? עפּעס לייכטס?

קאָסטאָמער: זיי מעגן זיין שווערע, איך האָב דאָ מיט זיך מיין קאַר.

* *

פריילין: שוין ניינצן יאָר ווי איך געפין זיך אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט.

יונגערמאַן: ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, איר קוקט דאָך אינגאַנצן ניט אויס עלטער פון ניינצן יאָר.

פריילין: יאָ, אָבער מיין פּאָטער איז אַ פּאָליציאַנט.

* *

ריכטער: אויב איר האָט דעם זייגערל ניט גע'גנב'עט, טאָ ווי קומט עס צו אייך?

גנב: איך האָב עס געפונען.

ריכטער: מערקווירדיג, די גנבים האָבן שוין אַזאַ מזל — אַלץ זיי געפינען. פאַרוואָס געפין איך קיינמאָל גאָרנישט?

גנב: ווייל מען דאַרף דערצו האָבן אַ ביסל שכל אויך...

* *

זייטיגער: איר באַנעמט זיך צו פיל היימיש צו די ליידי. זאָלט איר וויסן זיין, אַז זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי.

יונגערמאַן: נישקשה, איך בין אויך פאַרהייראַט.

* *

שכנה (אין קריג): ווען איר וואָלט געווען מיין מאַן וואָלט איך אייך געגעבן גיפט.

שכן: ווען איך וואָלט געווען אייער מאַן וואָלט איך זיך שוין אַליין פאַר'סמ'ט.

* *

קאָסטאָמער: וואָס פאַר נייעס האָט איר עפּעס פון דער ליטעראַרישער וועלט?

בוכהענדלער: איך האָב זשיטלאָווסקי'ן געבונדן.

מר. ווייסמאַן: ניט לאַנג צוריק האָב איך זיך באַקענט מיט זייער אַ פיין מיידל, אָבער אַן אָרעמע, האָב איך זי גענומען פאַר מיין ווייב.

מר. שוואַרצמאַן: וואָס רעדט איר, איר זייט דאָך פאַרהייראַט.

מר. ווייסמאַן: געוויס, האָב איך דאָס מיידל גענומען פאַר מיין ווייב, זי אַרויסצוהעלפן אין איר הויז אַרבייט.

* *

מר. וויצל: וואָס פאַר אַ סאָרט וויץ גלייכט איר צום בעסטן ?

מר. שפּיצל: אַ שליוואָוויץ.

* *

מר. לאַנג: וויפיל איין־סענטיגע סטעמפּס גייט אין אַ טוצנד ?

מר. קורץ: צוועלף.

מר. לאַנג: און וויפיל צוויי־סענטיגע סטעמפּס גייט אין טוצנד ?

מר. קורץ: זעקס...

* *

מר. געצל: איך האָב פאַר פיל נעכט ניט געקענט אַן אויג צומאַכן, האָט אַ דאָקטאָר מיך גוט באַזוכט און פאַרשריבן אַ פּוידער.

מר. פעלצל: וואָס פאַר אַ פּוידער ?

מר. געצל: פאַר די וואַנצן פון מיין בעט.

* *

ער: גיט מיר אייער טעלעפאָן נומער, וועל איך אייך ווען עס־איז אָפּרופן.

זי: איר וועט עס געפינען אין טעלעפאָן בוך.

ער: און וואָס איז אייער נאָמען ?

זי: דאָס איז אויך אין טעלעפאָן בוך.

דאָקטאָר: נו, ווי איז איצט אייער זכרון נאָך די צען באַהאַנדלונגען?

פּאַציענט: זייער גוט, דאָקטאָר, איר האָט מיך פּשוט געראַטעוועט.

דאָקטאָר: געדיינקט איר, אַז איר האָט מיר פאַר די ערשטע דריי וויזיטן נאָך ניט באַצאָלט?

פּאַציענט: ניין, דאָקטאָר, דאָס הייב איך ניט אָן צו געדיינקען...

* *

מענדל: איך ווייס ניט וואו משה טוט אַהין זיינע געלט. לעצטע וואָך האָט ער קיין געלט ניט געהאַט און היינטיגע וואָך איז ער ווידער אָן געלט.

גנענדל: האָט ער געפּרובירט ביי דיר מאַכן אַ הלואה?

מענדל: ניין, איך האָב געוואָלט ביי אים לייען עט־ליכע דאָלער.

* *

פּאַרליבטער: מעגסט זיכער זיין, מיין טייערע, אַז איך וועל דיינע עלטערן באַהאַנדלען פּונקט אַזוי ווי מיינע אייגענע עלטערן.

געליבטע: אַ ניין, מיין טייערער, מיינע עלטערן וועסטו דאַרפן באַהאַנדלען מיט אַכטונג און רעספּעקט.

* *

אומגעבעטענער גאַסט: נו, איך דייבק אַז איך קען שוין גיין. כ׳האָב גאַנץ גוט פאַרבראַכט דעם אָוונט מיט אייך. מיין קאַפּווייטאָג איז מיר אינגאַנצן איבערגעגאַנגען.

הויז־ווירטין: ניט איבערגעגאַנגען נאָר אַריבער גע־גאַנגען — צו מיר.

* *

מר. כאַפּ: גוט׳ן אָוונט אייך. איך בין געקומען אָפּנעמען דעם שירעם וואָס איך האָב אייך לעצטע וואָך געליען.

מר. לאַפּ: עס טוט מיר לייד, אָבער איך האָב אים אָוועק־געליען צו אַ באַקאַנטן. דאַרפט איר אים איצט האָבן?

מ ר. כ אַ פּ: איך ניט, נאָר דער מאַן פון וועמען איך האָב דעם שירעם געליען זאָגט, אַז דער מאַן צו וועמען ער געהערט וויל אים האָבן.

* *

ט אַ כ ט ע ר: מאַמע, ווי קומט עס, וואָס די ליכט בענשט דו און דעם טאַטן שילסט דו?

מ אַ מ ע: ווען דיין טאַטע וואָלט ברענען אַזוי ווי די ליכט וואָלט איך אים אויך בענשן.

* *

ד י נ ס ט: עס טוט מיר לייד. די מאַדאַם האָט מיר געהייסן אייך זאָגן, אַז זי איז איצט ניטאָ אין דער היים.

ג אַ ס ט: זאָג דיין מאַדאַם, אַז איך האָב דיר געהייסן איר זאָגן, אַז איך בין ניט געקומען.

* *

ב אַ ל ע ב אָ ס: האָט דער פאַרמאַן דיר אָנגעזאָגט וואָס צו טאָן?

ל ע ר ן ־ א י נ ג ל: יאָ, ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל אים אויפוועקן אַזוי שנעל ווי איך וועל אייך זען אָנקומען.

* *

ע ר: מיין טייערע, ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז עס וועט נעמען אַזוי לאַנג דורכצופאָרן דעם פינסטערן טונעל, וואָלט איך דיך אַרומגענומען און געגעבן אַ קוש.

ז י: טאָ ווער־זשע דען איז דאָס געווען?

* *

מ ר. ז אַ ל צ מ אַ ן: מיין ווייב נעמט אַ וואַקאַציע איין מאָל אין דריי יאָר.

מ ר. פ ע פ ע ר מ אַ ן: און וואָס טוט זי די אַנדערע צוויי יאָר?

מ ר. ז אַ ל צ מ אַ ן: דעם ערשטן יאָר פּלאַנעוועט זי די וואַקאַציע און דעם דריטן יאָר רעדט זי פון דער וואַקאַציע.

* *

מ ר. ק ר ע מ ע ר: איר קענט זיכער זיין, אַז די ראַדיאָ וועט קיינמאָל ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער צייטונג.

מר. פלעמער: פאַרוואָס?

מר. קרעמער: איר קענט אין דער ראַדיאָ קיין הערינג ניט איינוויקלען און קענט מיט דעם קיין פעקל ניט מאַכן.

* *

ביילע: ווי אַזוי קען מען דערקענען דעם אונטערשייד פון א קאַץ ביז אַ קאָטער?

קיילע: גאַנץ איינפאַך: אויב זי מיאַוקעט איז דאָס אַ קאַץ און אויב ער מיאַוקעט איז דאָס אַ קאָטער.

* *

בערל: פאַרוואָס קען אַ פרוי ניט זיין פרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן?

שמערל: וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? אַ פרעזידענט מוז דאָך זיין עלטער פון 35 יאָר.

* *

קעלנער: ווילט איר אַ מאָלצייט פאַר אַכציג סענט אָדער פאַר אַ דאָלער?

קאָסטאָמער: וואָס איז דער אונטערשייד?

קעלנער: פאַר אַ דאָלער קריגט איר אַ שאַרפן מעסער.

* *

מיסטער קורץ: דו זעסט, די צייטונג שרייבט, אַז אין ניו יאָרק ווערט אַ מאַן אַריבערגעפאָרן יעדע האַלבע שעה.

מיסעס קורץ: דער מאַן מוז נעבעך זיין אַ גרויסער שלימזל, אַז ער ווערט אַזוי אָפט אַריבערגעפאָרן.

* *

אומבאַקאַנטער: אַנטשולדיגט, האָט איר דאָ ניט געזען אַ פאָליציאַנט אין דעם געגנט?

פרעמדער: ניין.

אומבאַקאַנטער: טאָ זייט זיך מטריח און דערלאַנגט מיר שנעל אייער זייגער מיט די געלט וואָס איר האָט מיט זיך, אויב איר ווילט בלייבן לעבן.

שנאָרער: האָט רחמנות, העלפט אַ מאַן, אַ קאַליקע.

מאַדאַם: איר זייט דאָך גאָר אַלעמאָל געווען אַ בלינדער.

שנאָרער: יאָ, אָבער איך האָב דאָס געמוזט אויפגעבן, ווייל מען פלעגט מיר אַלעמאָל אַריינשטעקן פאַלשע מטבעות.

* *

מרס. מאַלער: אויף דעם בילד האָט מיין מאַן געאַרבייט אַכט יאָר.

מרס פאַלער: אַזוי לאַנג האָט עס אים גענומען?

מרס. מאַלער: יאָ. איין יאָר האָט ער געאַרבייט דעם בילד צו מאַכן און זיבן יאָר אים צו פאַרקויפן.

* *

יונגערמאַן: איך בין באַפריינדעט מיט אייער טאָכטער שוין אַ לייַנגערע צייט און איצט וויל איך בעטן אייער דערלויבעניש זי צו הייראַטן.

מר. אַלטערמאַן: טרינקט איר? שפילט איר אין קאָרטן?

יונגערמאַן: אַ דאַנק, אָבער לאָמיר פריער האָבן די צו־שטימונג און דאַן וועלן מיר טרינקען און מאַכן אַ קערטל.

* *

פאָטער: ווי האָט מאָריס אויסגעמאַכט מיט זיין עקזאַמען אויף היסטאָריע?

מוטער: אָ, ניט אַזוי גוט. אָבער וואָס איז דער וואונדער, אַז זיי האָבן אים געפרעגט אַזעלכע זאַכן וואָס האָבן פאַסירט נאָך איידער ער איז געבאָרן געוואָרן.

* *

טאַנטע: נעם, עס נאָך עפּעס, פיליפ׳ל.

פיליפ׳ל: אַ דאַנק, איך בין שוין אָנגעפילט.

טאַנטע: טאָ נעם אַ פּאָר עפּל מיט ניס אַהיים, אין די קעשענעס.

פיליפ׳ל: אַ דאַנק, זיי זיינען שוין אויך אָנגעפילט.

* *

ר׳ מכאל: איר זייט געווען, זאָגט איר, אין ארץ ישראל

און געזען דעם כותל מערבי. זאָגט מיר, ווי זעט אויס דער כותל מערבי ?

ר׳ גבריאל: ווי זאָל ער אויסזען ? ער זעט אויס ווי אַלע כותל מערבים.

* *

זונעלע: טאַטע, איז עס אמת וואָס מען זאָגט, אַז מענשן קומען אַרויס פון מאַלפּעס ?

טאַטע: דו קומסט אַליין אַרויס פון אַ מאַלפּע, דו שייגעץ אייגער !

* *

לערער: זאָגט מיר, קינדער, וואָס האָבן זעבראַס אַזוינס וואָס אַנדערע חיות האָבן ניט ?

פייוול (הויבט אויף די האַנט): זעברעלעך.

* *

מאַמע: שאַ, מענדעלע. אַז דו וועסט ניט וויינען וועט דער דאָקטאָר אונז ברייגגען אַ נייע בייבעלע.

מענדעלע: איך גלייך ניט קיין בייבעלע. זאָל דער דאָק־טאָר אונז בעסער ברייגגען אַ הינטעלע.

* *

יונגערמאַן: האָט דיין שוועסטער מיך דערוואַרט היינט אָוונט ?

יאָסעלע: יאָ, געוויס.

יונגערמאַן: פון וואַנען ווייסט דו דאָס ?

יאָסעלע: ווייל זי איז אַוועקגעגאַנגען פאַרן גאַנצן אָוונט.

* *

דאָקטאָר: און איצט, זאָגט מיר, וויפיל איר האָט וועך עס־איז געוואויגן צום מערסטן ?

פּאַציענטין: צוויי הונדערט מיט פערציג פונט.

דאָקטאָר: און וויפיל האָט איר אַמאָל געוואויגן צום ווינציגסטן ?

פּאַציענטין: פינף פונט מיט זעקס אונצן.

יונגע ווייבל: איך בין זייער פאַרצווייפלט. מיין מאַן איז ניטאָ דעם גאַנצן אָוונט און איך ווייס ניט וואו ער איז.

עלטערע פריינדינע: דו דאַרפסט ניט זאָרגן, מיין טייערע. דו וואָלסט אפשר געווען נאָך מער פאַרצווייפלט ווען דו וויסט יאָ וואו ער איז.

*  *

באָבע: זאָג מיר, מיין קינד, ווי רופט מען אַ טשער אויף ענגליש?

אייניקל: אַ טשער רופט מען אין ענגליש פונקט ווי אין אידיש. אַ טשער איז אַ טשער.

*  *

מר. קענדל: אַ רחמנות נעבעך אויף מיסטער זוריק. ער האָט איצט צוויי ווייבער אויסצוהאַלטן.

מר. פענדל: וואָס, ער איז געוואָרן אַ ביגאַמיסט?

מר. קענדל: ניין, זיין זון האָט איצט חתונה געהאַט.

*  *

בערל: זאָג מיר, שמערל, פאַרוואָס רופט מען טשאָלענט מיט דעם נאָמען „טשאָלענט"?

שמערל: מסתמא דערפאַר ווייל מען שטעלט עס אין אַ טשאָלענט טעפל.

*  *

רבי: אַז דו האָסט ניט אויף יום טוב טאָ פאַרזעץ די זיל־בערנע לייכטער.

חסיד: וואָס זאָל איך אָבער טאָן אַז איך האָב ניט קיין זילבערנע לייכטער?

רבי: דאָס מוזטו שוין פרעגן ביי אַן אַנדערן. קיין צוויי עצות גיב איך ניט.

*  *

זי: אַז דיין לעבן איז דיר איבערדריסיג טאָ ווי פילסטו וועגן מיר?

ער: איך ליב דיך ווי מיין לעבן.

שפייזקרעמער: ווען קען איך האָפן צו באַקומען דעם חוב וואָס איר קומט מיר?

קונד: שטענדיק.

*  *

ריכטער: עס טוט מיר לייד וואָס מען האָט דיך געהאַלטן אין טורמע אַ וואָך צו לאַנג.

אַרעסטאַנט: דאָס מאַכט ניט אויס. איר וועט עס קענען אַראָפּרעכענען דעם נעקסטן מאָל.

*  *

ער: מיין פעלער איז, וואָס איך בין ניט אַזאַ גרויסער פּאַרשוין און עס איז ניטאָ איבעריג וואָס צו קוקן אויף מיר.

זי: דאָס מאַכט ניט אויס. איר וועט דאָך אַ גאַנצן טאָג זיין אין אָפּיס.

*  *

לערער: ווען דיין טאַטע גיט דיר פינף סענט, דיין מאַמע דריי סענט, און דיין באָבע צוויי סענט, וואָס וועסטו האָבן?

דזשעקי: אַן אייז־קרים.

*  *

קלאַרע: ראָוז האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט איר געזאָגט דעם סוד וואָס איך האָב דיר געזאָגט און אָנגעזאָגט איר ניט צו זאָגן.

דאָרע: זי איז געמיין וואָס זי האָט דאָס דיר געזאָגט און דערצו נאָך אויסגעזאָגט, אַז איך האָב איר געזאָגט דאָס דו האָסט מיר אָנגעזאָגט איר ניט צו זאָגן.

קלאַרע: איך האָב אָבער איר געזאָגט, אַז איך וועל דיר ניט זאָגן, אַז זי האָט דאָס מיר געזאָגט, טאָ זאָג איך דיר אַז דו זאָלסט טאַקע איר ניט זאָגן, אַז איך האָב דאָס דיר געזאָגט.

*  *

פּאָטער: מיין זון, איך האָב קיינמאָל געקושט קיין פרויען־

צימער אַחוץ דיין מאַמען ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאַט. ווערסטו דאָס אַמאָל קענען זאָגן צו דיין זון?

זון: אפשר יאָ, אָבער ניט מיט אַזאַ טרויעריגן טאָן.

* *

פּרוכטהענדלער: מיין פריערדיגער קלערק איז געווען זייער אַן ערליכער. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס ער האָט ביי מיר געאַרבייט האָט ער קיינמאָל ניט גענומען קיין עפּל.

נייער קלערק: איך בין אויך אַזוי. איך בין אַנומעלט פאַר אַ פּאָר יאָר געווען אָנגעשטעלט אין אַ באָד, און האָב קיינמאָל ניט גענומען קיין באָד.

* *

מר. מייער: ווי קומט עס וואָס עס קומען פאָר אַזוי פיל גט׳ן צווישן פאַרלעך וואָס זיינען פאַרהייראַט כדת וכדין?

מר. צווייער: ווייל דאָרט וואו ס׳איז דין דאָרט רייסט זיך.

* *

ערשטע שכנה: וואָס פאַר אַ געבורטסטאָג פּרעזענט גייט איר געבן אייער מאַן?

צווייטע שכנה: אַ הונדערט ציגאַרן.

ערשטע שכנה: וויפיל האָט איר געצאָלט פאַר דעם?

צווייטע שכנה: גאָרניט. איך האָב יעדן טאָג באַהאַלטן אַ ציגאַר פון זיין קעסטל ציגאַרן און איצט וועט ער קריגן אַ מתנה אַ הונדערט ציגאַרן פון דעמזעלביגן סאָרט וואָס ער רויכערט אַלעמאָל...

* *

קלמן: לייט מיר פינף דאָלער.

זלמן: איך האָב נאָר דריי.

קלמן: טאָ גיט מיר די דריי און איר וועט מיר שולדיג בלייבן צוויי.

מר. נאָטל: פאַרוואָס גייט איר אין אַ צעריסענעם מאַנטל?

מר. זאָטל: נישקשה, איך האָב נאָך אַ מאַנטל אויך.

מר. נאָטל: טאָ פאַרוואָס טראָגט איר ניט יענעם מאַנטל?

מר. זאָטל: ווייל יענער איז נאָך מער צעריסן ווי דער.

* *

מאַמע: ווייסטו, מיין קינד, וואָס עס מיינט „היפּאָקריט"?

זונעלע: יאָ, אַ היפּאָקריט איז איינער וואָס נעמט איין ריצנאייל און שמייכלט...

* *

זי: פאַר אייער ביבליאָטעק דאַרפט איר זיך איינשאַפן מאַרקס' „קאַפּיטאַל".

ער: מאַרקס' קאַפּיטאַל בין איך אייך מוחל, אָבער אויף ראָקעפעלער'ס קאַפּיטאַל, זעט איר, וואָלט איך גראָדע יאָ געווען אַ בעלן.

* *

פאָטער: פאַר דיין גאַנג, משה'לע, וועל איך דיר געבן אַ שפּאָגל־נייע בלאַנקע פּעני.

קינד: פּאָ, גיב מיר בעסער אַן אַלטן, פאַרשמוצטן ניקל.

* *

קאָרפּאָראַל: וואו ביזטו דאָס געווען אַזאַ לאַנגע צייט?

סאָלדאַט: אין טעלעפאָן ביידל צו זאָגן „גוד באַי" צו מיין געליבטע.

קאָרפּאָראַל: האָט עס דיר געדאַרפט נעמען אַזוי לאַנג?

סאָלדאַט: דאָס איז ניט לאַנג. אַזוי שנעל ווי אימיצער איז צוגעקומען מאַכן אַ „קאָל" זיינען מיר פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען.

* *

פאָטער: דו פרעגסט אַזוי פיל פראַגן, אַז איך ווייס ניט וואָס דיר צו ענטפערן. ווען איך בין געווען אַ קינד האָב איך אַזוי פיל קשיות ניט געפרעגט.

קינד: דערפאַר ווייסטו טאַקע איצט ניט וואָס צו ענטפערן.

ווייב (אויפ׳ן טעלעפאָן): אוי, פיליפ, איך בין זייער פאַר־צווייפלט. מיין דימענט רינג איז מיר ערגעץ פון פינגער אַראָפּגע־פאַלן און איך קען אים ניט געפינען.

מאַן: זאָרג זיך ניט, מערי, איך האָב דעם רינג געפונען אין מיינע הויזן קעשענעס.

* *

שמש: אונזער נייער חזן האָט זיך קיין שחיטה ניט געלערנט, פונדעסטוועגן קוילעט ער.

גבאי: וואָס־זשע קוילעט ער?

שמש: ער קוילעט אַוועק זיין יעדן דאַווענען.

* *

אַרטיסט: אָט דאָס איז איינס פון מיינע בעסטע בילדער. ווען איך האָב אָנגעפאַנגען האָב איך אַליין ניט געוואוסט וואָס דאָס וועט זיין.

פּריינט: טאָ ווי־אַזוי האָט איר אויסגעפונען וואָס דאָס איז נאָכדעם ווי איר האָט עס פאַרטיג געמאַכט?

* *

שכנה: עס האָט מיך זייער לייד געטאָן ווען איך האָב גע־הערט, אַז אייער מאַן איז אַנטלאָפן מיט אייער דינסט. עס איז שרעקליך!

באַלעבאָסטע: יאָ, מיין פריינט, ס׳איז זייער טרויעריג. אַזאַ גוטע דינסט ווי זי איז געווען איז שווער צו קריגן היינ־טיגע צייטן.

* *

פּריינט: ר׳ פייוול, אייער אייניקל האָט מען גענומען פאַר אַ סאָלדאַט, אָבער אייך וויל מען ניט האָבן...

ר׳ פייוול: נו יאָ, פאַר אַ סאָלדאַט בין איך טאַקע צו אַלט, אָבער אפשר וועלן זיי דאַרפן האָבן נאָך גענעראַלן?

* *

לערער: זאָג מיר, סעמי, פון וואָס פאַר אַ חיה קריגט דיין מאַמע די מילך?

סעמי: פון אַ קו.

לערער: און פון וואָס פאַר אַ חיה האָט דיין מאַמע איר פאַר־קאָוט (פוטער־מאַנטל) ?

סעמי: פון מיין טאַטן.

* *

פאָטער (בייז): ווי אַזוי דערלויבסטו זיך דאָס צו ברענגען מיין טאָכטער אַהיים דריי אַזייגער פאַר טאָג!

יונגערמאַן: עס טוט מיר לייד, אָבער איך האָב זיך ניט געקאָנט העלפן, ווייל איך האָב געדאַרפט גיין זיבן אַזייגער צו דער אַרבייט.

* *

מר. מאַיקל: האַלאָ, מיין פריינט, וואָס מאַכט איר?

מר. פאַיקל: איך האָב ניט לאַנג צוריק פאַרלוירן מיט איין מאָל 130 פונט, און איך פיל פיין.

מר. מאַיקל: ווי־אַזוי איז דאָס אַלץ מעגליך?

מר. פאַיקל: מיין פרוי איז פון מיר אַנטלאָפן, האָב איך זי פאַרלוירן — 130 פונט האָט זי געוואויגן.

* *

סטאָרקיפער: ווילט איר שטאַרקע ציגאַרן אָדער שוואַכע?

קאָסטאָמער: גיט מיר בעסער שטאַרקע, ווייל די שוואַכע צוברעכן זיך אין מיין קעשענע...

* *

זי: יאָ, מען האָט מיך שוין געבעטן חתונה האָבן אפשר צענדליגע מאָל.

ער: ווער, אַ שטייגער, האָט דאָס אייך געבעטן?

זי: מיין טאַטע מיט מיין מאַמען.

* *

ער: איר טאַנצט גרויסאַרטיג.

זי: הלואי וואָלט איך דאָס געקאָנט זאָגן וועגן אייך.

ער: איר וואָלט געקאָנט — ווען איר וואָלט נאָר געהאַט דעם מוט צו זאָגן אַזאַ ליגן ווי איך האָב עס אייך געזאָגט.

* *

ריכטער: האָט איר שוין אַמאָל פאַרדינט אַן ערליכן דאָלער אין אייער לעבן?

טרעמפ: יעס, יור האָנאָר — איך האָב לעצטן יאָר גע־וואָוט פאַר אייך...

* *

ווייב: דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלן וויפיל איך זאָרג ווען דו ביזט אַוועק פון דער היים.

מאַן: אָ, דו דאַרפסט ניט זאָרגן. דו ווייסט דאָך שוין אַז איך קום אַלע מאָל צוריק...

ווייב: נו יאָ, דאָס איז דאָך טאַקע מיין זאָרג...

* *

ווייב: היינטיגע וואָך, טייערער, וויל איך דו זאָלסט מיר געבן צען טאָלער עקסטראַ.

מאַן: פאַרוואָס?

ווייב: ווייל איך וויל דיר קויפן אַ פינף־טאָלער׳דיגן געבורטס־טאָג פרעזענט.

* *

זייגערמאַכער: איר האָט מיר נאָך אַלץ ניט באַצאָלט פאַר׳ן פאַרריכטן אייער זייגער. איר זייט צו לאַנגזאַם.

קונד: מיין זייגער גייט אויך צו לאַנגזאַם, און טאַקע דורך אים בין איך הינטערשטעליג אין אַ סך צייט.

* *

קלערק: אַט דאָס מאַשינדל וועט אָפּטאָן אַ העלפט פון אייער אַרבייט.

קויפער: אויב אַזוי טאָ גיט מיר צוויי אַזעלכע מאַשינדלעך.

* *

מר. שפּיצער: איך האָב געהערט, אַז איר זייט געוועזן אַרעסטירט. וואָס האָט פּאַסירט מיט אייך?

מר. זיצער: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין טורמע פאַר פאַלשע אַסיגנאַציעס, אָבער באַפרייט האָב איך זיך פאַר אמת׳ע...

* *

מאַמע: רעגינע, נייטן האָט דיך נעכטן געבראַכט אַהיים גאַנץ שפּעט.

טאָכטער: יאָ, מאַמע. האָט אונזער גערויש דיך געשטערט פון שלאָף?

מאַמע: ניין, טאָכטער. ניט אייער גערויש נאָר אייער שטיל־קייט האָט מיך געשטערט פון שלאָף.

* *

פּלטיאל: איך האָב אַ קאָזין אין דער סאַוט, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין אידישע שאָו (פאָרשטעלונג). ער וואָלט געגעבן טויזנט דאָלער צו זען מאָריס שוואַרץ׳ן אין אַ גוטער אידישער ראָלע.

ירחמיאל: אַזוי פיל געלט וואָלט ער זיך געלאָזט קאָסטן אים צו קענען זען?

פּלטיאל: געוויס, ער איז אַ בלינדער.

* *

זי: וועסטו מיך ליבן אויך דאַן ווען איך וועל ווערן עלטער און מיאוס׳ער?

ער: וועגן דעם, מיין טייערע, דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן. דו קענסט ווערן עלטער, אָבער מיאוס׳ער קענסטו שוין ניט ווערן.

* *

אָרימאַן: העלפט אַרויס אַן אָרימען אידן. איך קום אַרויס פון זייער אַ פיינער פאַמיליע.

באַלעבאָסטע: וואָס פאַר אַ פאַמיליע איז דאָס?

אָרימאַן: אייער שכן פון דער צווייטער הויז. איך קום ערשט אַרויס פון דאָרטן — זייער פיינע מענשן.

ווייב: האָסטו שוין אַמאָל געזען אַ 30־דאָלער ביל?

מאַן: ניין, ס'איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך.

ווייב: אָט איז עס. דער שניידער האָט עס מיר געשיקט פאַר'ן פאַרריכטן מיין פוטער־מאַנטל.

* *

אַקטריצע: ווען איך בין אַרויפגעקומען אויף דער בינע האָבן אַלע געעפנט די מיילער.

חבר'טע: נאַרישקייטן, ניט אַלע מענשן גענעצן אין איין צייט.

* *

גאַסט: סעמעלע, וועסט אונז צופירן צום באַס (אָמניבוס)?

סעמעלע: איך קען ניט, ווייל מאַמע האָט געזאָגט, אַז גלייך ווי איר'ט אַרויסגיין וועלן מיר גיין עסן.

* *

זי: דער מאַן וועמען איך וועל הייראַטן וועט מוזן זיין בראַוו ווי אַ לייב, שיין ווי אַפּאָלאָ, קלוג ווי שלמה המלך, און זאָל פון אַלע־מען פאַרגעטערט ווערן.

ער: וואָס פאַר אַ גליקליכער צופאַל האָט אונז טאַקע צוזאַמענגעבראַכט!

* *

שילער: וואָס מיינט אַן עגאָאיסט, אַז אַלע האַסן אים?

לערער: אַן עגאָאיסט איז איינער וואָס וויל פאַר זיך אַליין די אַלע זאַכן וואָס דו ווילסט האָבן פאַר זיך אַליין.

* *

ערשטער שכן: כ'האָב געהערט, אַז אייער טאָכטער האָט אָפּגעבראָכן מיט איר חתן, און עס האָט מיך געוואונדערט. זי האָט דאָך באַוואונדערט יעדן האָר אויף זיין קאָפּ.

צווייטער שכן: יאָ, אָבער ניט די פאַרשידענע האָר וואָס זי פלעגט שטענדיק געפינען אויף זיינע פלייצעס.

אַדוואָקאַט: איצט, אַז איך האָב אייך שוין באַפרייט פון דער קלאַגע, קענט איר מיר דאָך שוין זאָגן דעם אמת, צי האָט איר טאַקע גע׳גנב׳עט די צוויי הונדערט דאָלער פון אייער באַלעבאָס אָדער ניט?

קליענט: פון וואַנען דען, דיינקט איר, האָב איך געהאַט געלט אייך צו באַצאָלן?

* *

גאַסט: העי, וועיטער, איר האָט מיך ניט גוט געהערט.

וועיטער (קעלנער): וואָס איז דער מער?

גאַסט: איך האָב אייך געבעטן לעבער און ניט לעדער...

* *

א פּאַציענט: דאָקטאָר, איך האָב געהערט, אַז אייער פּאַציענט, מר. קאָהען, איז געשטאָרבן. וואָס איז אייגנטליך געווען די הויפּט אורזאַך פון זיין טוידט?

דאָקטאָר: זיין געבורט.

* *

מר. מילער: מיינט איר עס ערנסט וואָס איר זאָגט, אַז איר זייט אַ מוזיקאַלישע פאַמיליע?

מר. שפּילער: געוויס, מיר זיינען אַלע שפּילערס. מיין ווייב שפּילט קאָרטן, מיין זון שפּילט פערדלעך, מיין טאָכטער שפּילט ליבע, און איך אַליין שפּיל זיך מיט דער בייבי.

* *

מר. שאַכער: איך האָב געהערט, אַז אייער ברודער האָט געוואונען הונדערט טויזנט דאָלער, איז דאָס אמת?

מר. מאַכער: יאָ, אָבער עס איז אַ ביסל איבערטריבן.

מר. שאַכער: פאַרוואָס איז עס איבערטריבן?

מר. מאַכער: ערשטנס איז דאָס ניט מיין ברודער נאָר מיינער אַ לאַנדסמאַן. צווייטנס איז דאָס ניט קיין הונדערט טויזנט דאָלער נאָר בלויז דריי טויזנט דאָלער. דריטנס האָט ער דאָס ניט געוואונען נאָר צוגעלייגט אין ביזנעס.

אַרבייטער: מיין ווייב האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אייך בעטן אַ העכערונג אויף מיינע שכירות.

פאַבריקאַנט: גוט, איך וועל פרעגן מיין ווייב אויב זי דערלויבט מיר דאָס אייך צו געבן.

*  *

מר. איינער: איר זייט מער ניט פאַרלאָבט צו דער מיס פינקעלשטיין, האָ?

מר. קליינער: ניין, ניט מער.

מר. איינער: איר זייט גליקליך וואָס איר האָט זיך אַרויסגעדרייט פון איר. ווי אַזוי האָט איר דאָס געמאַכט אַ סוף צו אייער פאַרלאָבונג?

מר. קליינער: איך האָב מיט איר חתונה געהאָט.

*  *

מחותן: מאַכסטו אָפט אַ שנעפּסל? האָלסטו פון טרינקען?

חתן: ביי מיר איז ניט קיין „מוז". האָב איך טרינק איך, און אַז ניט — קויף איך...

*  *

פאַרקויפערין: איך ראָט אייך צו נעמען דעם הוט מיט דער פעדער. די פעדער מאַכט אייך אויסקוקן מיט צען יאָר יינגער.

מאַדאַם: אפשר האָט איר אַ הוט מיט צוויי אַזעלכע פעדערן?

*  *

מר. מאַנדל: איר האָט, זע איך, אַ שיינעם הונט. וואו האַלט איר אים?

מר. קאַנדל: איך האַלט אים אין מיין צימער.

מר. מאַנדל: ווייסט איר אַז עס איז ניט סאַניטאַריש צו האַלטן אַ הונט אין צימער?

מר. קאַנדל: אָבער דער הונט איז שוין צוגעוואוינט צו מיין צימער, און איך דייבק, אַז עס קען אים שוין גאָרניט שאַטן.

פאַטער: האָסטו אים געפרעגט וואָס זיין איינקונפט איז ווען ער האָט דיר געמאַכט זיין הייראַטס־פאָרשלאַג?

טאָכטער: ניין, אָבער ער האָט מיר געפרעגט וואָס דיין איינקונפט איז.

* *

ערשטע פריינדין: איך האָב געהערט, אַז אייער קוזינע באַרימט זיך דאָס איר מאַן איז גרעסער פון איינשטיינען, טאַקע אַזוי?

צווייטע פריינדין: געוויס. איינשטיינען קענען פאַר־שטיין בלויז צוועלף מענשן, אָבער איר מאַן קען קיינער ניט פאַרשטיין.

* *

מיסעס ציפּע: אייער מאַן, זאָגט איר, אַרבייט ווי אַ פערד, טאָ פאַרוואָס זאָל ער ניט פאָרן אין קאַנטרי פאַר אַ וואַקיישאָן?

מיסעס קליפּע: וואו האָט איר געהערט, אַז אַ פערד זאָל פאָרן פאַר אַ וואַקיישאָן?

* *

פאַציענט: ווי איך זע האָט איר גרויס דערפאַרונג אין דער קראַנקהייט.

דאָקטאָר: יאָ, איך האָב שוין דאָס פאַר די לעצטע צוואַנ־ציג יאָר.

* *

פאָליסמאַן: אַז איר האָט פאַרלאָרן דעם דאָלער אויף דעם צווייטן קאָרנער, טאָ פאַרוואָס זוכט איר אים דאָ?

שיכור: דאָ איז ליכטיגער.

* *

זי: ס'האָט זיך מיר לעצטע וואָך גע'חלומ'ט, אַז איך האָב מיט אייך חתונה געהאַט.

ער: האָט איר זיך געפילט גליקליך?

זי: יאָ, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

# שפּאַסיגע רעטענישן

## פאָרוואָרט צו די רעטענישן

לייכטע רעטענישן פאַר אַמוזירונג, אָדער שפּאַס, זיינען אָפט איינגעהילט אין קאַמופלאַזש. אַזאַ רעטעניש שאַפט אין אייער געדאַנק אַ בילד, אַ סיטואַציע, אָדער אַ געגנשטאַנד, וואָס איז אין דער אמת׳ן ניט דאָס, וואָס קוקט אויס צו זיין. אָט־דאָס רופט אַרויס די פּראָבלעמע וואָס שיינט, אין די מערסטע פאַלן, אוממעגליך צו לייזן. קוים אָבער ווערט דער ענטפער צום רעטעניש פאַר אייך אַנטדעקט, אָדער איר טרעפט אים אַליין, דאַן דערזעט איר ווי לייכט און איינפאַך די זאַך איז און אַז די פּראָבלעמע איז גאָר קיין פּראָבלעמע ניט. אין דעם באַשטייט דער שפּאַס.

כדי צו געבן דעם לייענער די נויטיגע געלעגנהייט אַנצו־ווענדן זיין געדאַנק צו טראַכטן און פּרובירן טרעפן די ענטפערס צו די רעטענישן, האָב איך די ענטפערס געדרוקט באַזונדער. דערצו נאָך האָב איך יעדע 50 רעטענישן באַזונדער אויסגעמישט אַזוי אַז מען זאָל ניט קענען מיט׳ן ערשטן בליק געפינען דעם פּאַרטיגן ענטפער צו יעדער רעטעניש.

דער לייענער איז דערפאַר געראַטן צו נעמען זיך גענוג צייט, און געדולדיג זוכן דעם ענטפער צו יעדער רעטעניש אין זיין א י י ־ ג ע נ ע ם ג ע ד א ַ נ ק. און נאָר דאַן ווען ער דיינקט, אַז ער האָט שוין געטראָפן — אָדער קען ניט טרעפן — זאָל ער זוכן דעם ענטפער אין די געדרוקטע „ענטפערס״, וועלכע זיינען נומערירט מיט דיזעלביגע ציפער (אָבער אויסגעמישט) ווי זייערע פראַגן.

ל. מ.

## פ ר אַ ג ע ן

1 — וואָס פאַר אַ זאַך האָט מען אַלץ מער, וואָס מער מען טיילט זיי אויס צווישן אַנדערע ?

2 — ווער טראָגט די גרעסטע שיך אויף אַ באַנקעט ?

3 — פאַר וואָס שיילט מען אָפּ אַ הערינג ?

4 — פאַר וואָס פירט מען אַ זעקס יעריגן אינגל אין חדר אַריין ?

5 — ווי דאַרף מען זאָגן: זיבן מיט אַכט זייַנען פערצן אָדער איז פערצן ?

6 — וואָס איז דער אונטערשיד פון אַ סאָלדאַט ביז אַ דאָקטאָר ?

7 — וואָס קען מען האַלטן נאָכדעם ווי מען גיט עס אַן אַנדערן ?

8 — פאַרוואָס לויפט אַ קאַץ אַריבער איבער דער גאַס ?

9 — עס האָט אויגן ווי אַ קאַץ, אויערן ווי אַ קאַץ, אַן עק ווי אַ קאַץ, און דאָך איז עס ניט קיין קאַץ. וואָס איז דאָס ?

10 — ווען איז אַן אַלטער מאַן, וואָס עסט צו פיל געגליכן צו ווינטער ?

11 — פאַרוואָס מוז מען טרינקען וויין ?

12 — וואָס קומט צום ערשטן אין לעבן ?

13 — וויפל בלעכן דאַרף מען האָבן צו באַדעקן אַ גאַנצן דאָך, ווען פאַר אַ האַלבן דאָך דאַרף מען האָבן 369 בלעכן ?

14 — וואָס קוקט אויס ווי דער שנאָבל פון אַ הון ?

15 — וואָס האַלט אין איין גיין און קיינער קען דאָס ניט אָפּשטעלן ?

16 — וואָס פאַר אַ טיגער איז אומעטום ווילקאָמען ?

17 — פאַרוואָס מאַכט מען אַ קוגל־טאָפּ אויבן ברייט און אונטן שמאָל, פאַרוואָס קען מען ניט מאַכן פאַרקערט: אונטן שמאָל און אויבן ברייט ?

18 — וואָס מוז זיך געפינען אין שנאַפּס ?

19 — ווי האָט געהייסן דער פרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן אין 1912 ?

20 — וואָס פאַר אַ שירעם טראָגט אַ גלח אין אַ זונטאָג ווען עס רעגנט ?

21 — וואָס עסט אַ חתן פאַר דינער (מיטאָג) ?

22 — וואָס פאַר אַ באַשעפעניש האָט מער מילך פון אַ קו ?

23 — וואָס איז בעסער פון אַ גלאָז וויין ?

24 — וואָס טוט אַ חזן די ערשטע זאַך אין דער פרי, ווען ער שטייט אויף ?

25 — עס איז אויף פיר פיס און קען פליען אַזוי הויך ווי דער אייפל טורעם פון פאַריז — וואָס איז דאָס ?

26 — וואָס פאַר אַ ביכל האָט אַ קליינע צירקולאַציע און איז אַ דורכפאַל ?

27 — ווען מעג אַ פרומער רב עסן אָן אַ היטל ?

28 — ווען ליידט מען פון ציין־ווייטאָג כאָטש אַלע ציינער זיינען אין דער בעסטער אָרדנונג ?

29 — וואָס איז ערגער ווי ווען מען בייסט אָן עפּל און מען געפינט דאָרט אַ וואָרעם ?

30 — וואָס פאַר אַ זאַך פאַרלירט מען פונקט דאַן ווען מען „נעמט" עס ?

31 — ווי קען מען מאַכן 15 סענט פון צוויי מטבעות, ווען איין מטבע זאָל ניט זיין קיין ניקל ?

32 — פון וואָס פאַר אַ גלאָז קען אַ כלה ניט טרינקען אויף איר חתונה ?

33 — אַ פרוי האָט געבוירן אַ צווילינג. איינער מיט אַ לאַנגן נאָז און די צווייטע מיט אַ קורצן נאָז — וואָס זיינען זיי, אינגלעך אָדער מיידלעך ?

34 — וואָס דאַרף אַ מיליטער־מאַן זיין צו האָבן אַ לויה מיט מילי־טערישער ערע ?

35 — אויף וואָס פאַר אַ וויץ דאַרף מען מאַכן אַ ברכה ?

36 — איינער האָט דערציילט, אַז יעדן פרי־מאָרגן שווימט ער אַריבער דעם טייך דריי מאָל און נאָכדעם ערשט גייט ער אין רעסטאָראַן עסן זיין אָנבייסן. קען מען דאָס אים גלויבן ?

37 — פאַרוואָס האָט מען דעם ערשטן פּרעזידענט פון די פאַראיי־ניגטע שטאַטן גערופן „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן" ?

38 — וואָס פאַר אַן אַרבייטער האָט שטענדיג אַרבייט איבער'ן קאָפּ ?

39 — ווער קומט צום ערשטן אין שול ?

40 — דריי האָזן זיינען געשטאַנען צוזאַמען און אַ יעגער האָט איינעם דערשאָסן. וויפיל זיינען געבליבן ?

41 — וואָס פאַר אַ וויכטיגע זאַך גיט מען אימיצן צו געברויכן אויף זיין גאַנץ לעבן און דאַך גיט ער דערפאַר קיין דאַנק ניט ?

42 — מיט וואָס איז כאַבאַר געגליכן צו אַ באַנאַנע שאָלעכץ ?

43 — אויף וועלכער זייט מאַכט מען דאָס הענטל צו אַ קריגל ?

44 — פאַרוואָס איז דאָס לעבן דאָס גרעסטע רעטעניש ?

45 — אויב אייער אָנקל׳ס שוועסטער איז ניט אייער טאַנטע, טאָ וואָס דען פאַר אַ קרובה איז זי צו אייך ?

46 — ווען דאַרף מען ניט קיין קישענס צום אויסבעטן זיך ?

47 — ווען האָט אַ באַשעפעניש אַזוי פיל אויגן אין קאָפּ וויפיל עס זיינען פאַראַן טעג אין יאָר ?

48 — ווען עסט מען קרעפּלעך ?

49 — ווער האָט מער פיס, אַ פערד אָדער קיין פערד ?

50 — ווען אַ מאַמע צושניידט אַן עפּל אויף גלייכע חלקים פאַר אירע אַכט קינדערלעך, וויפיל איז דאַן דער זייגער (אין פאַרגלייך) ?

51 — וואָס מאַכט אַ קראַנקער אַרבייטער ווען ער קען שוין מער ניט אַרבייטן ?

52 — וואָס איז דאָס, וואָס איר קענט ניט האַלטן פאַר עטליכע מינוט כאָטש דאָס איז נאָך לייכטער פון אַ פעדער ?

53 — און וואָס איז דאָס, וואָס יעדער איינער מוז האַלטן ?

54 — וואָס איז דאָס, וואָס אַן אָרימאַן האָט עס און אַ רייכן מאַן פעלט עס ?

55 — וויפיל זייטן האָט אַ בייגל ?

56 — פאַרוואָס האָט איר אייער פאַרלאָרענעם צאָן גלייך פאַרגעסן ?

57 — פאַרוואָס איז אַ מצה ריין פון זינד ?

58 — פאַרוואָס עסן אַרבייטער מער ווי זייערע באַלעבאַטים ?

59 — פאַרוואָס איז אַ פּאָליציאַנט געגליכן צו אַ רעגנבויגן ?

60 — פאַרוואָס זיינען די קורצע מענשן וויניגער פויל ווי די לאַנגע ?

61 — פאַרוואָס איז אַ קוש געגליכן צו רכילות ?

62 — וואו איז שלמה המלך געגאַנגען ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכטצען יאָר ?

63 — פאַרוואָס זיינען צוריסענע שיך געגליכן צו חנוכה ?

64 — וואָס איז דער חילוק פון אַ הונט ביז אַ פליג ?

65 — וואָס פאַר אַ סאָרט קאַרפּענטער אַרבייט דאַרף מאַכן יעדער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן ?

66 — וואָס פאַר אַ זאַך קומט איינס אין אַ מינוט, צוויי אין אַ מאָ־מענט, און קיינמאָל ניט אין לעבן ?

67 — וואָס דאַרף מען טאָן צו האָבן שיינע, ריינע, ווייסע הענט ?

68 — וואו קען יעדער איינער, אָן אַן אויסנאַם, געפינען רו, צופרידנ־הייט און גליק ?

69 — פאַר וועמען נעמט יעדער איינער אַראָפּ זיין היטל ?

70 — ווען איר רעדט פון היטלער׳ן פילט איר ווי אים צו דערשטיקן אָדער עפּעס אַנדערש. וואָס איז דער „אָדער" ?

71 — ווען איז גוט שלעכט ?

72 — פון וואָס פאַר אַ פאַל קען מען זיך ניט צוקאַליעטשען ?

73 — ווי־אַזוי קען מען שרייבן טרוקענע גראָז מיט דריי בוכשטאַבן ?

74 — ווען קען וואַסער ניט דורכרינען דורך אַ זייער אָדער זיפּ ?

75 — פאַרוואָס קען מען איצט ניט שיקן קיין טעלעגראַמעס צו וואַשינגטאָן ?

76 — וואָס פאַר אַ זאַך קריגט אַ העכערן ווערט ווען איר קערט עס בלויז אום פון אויבן אַראָפּ ?

77 — וואָס איז דאָס, וואָס יעדער איינער איז ווילִיג צו געבן אָבער איז ניט ווילִיג צו נעמען ?

78 — פאַרוואָס איז די ווינטער לופט פרישער ווי די זומער לופט ?

79 — וואָס פאַר אַ זאַך טיילט פונאַנדער פונקט דאָן ווען זי ווערט פאַראייניגט ?

80 — וואָס איז שנעלער, היץ אָדער קעלט ?

81 — וואו קלאַפּט מען די ערשטע טשוועקע ווען מען מאַכט אַ סוכה ?

82 — ווען דער אלף־בית וואָלט זיך געצויגן אָן אַ סוף, וואָלט ער געווען לייִנגער אָדער קירצער ?

83 — וואָס פאַר אַ קראַפט רעגולירט אונזערע טעגליכע באַוועגונגען, ווען צו קומען, ווען צו גיין, ווען צו אַרבייטן, ווען צו רוען, און דאָך נעמט עס ניט דעם מינדסטן אינטערעס אין אונז ?

84 — ווען משה רבינו האָט געפילט ניט גוט, וואָס האָט דער אויבערשטער אים געגעבן צו נעמען ?

85 — פאַרוואָס דאַרף מען ניט שרייבן אויף אַ ליידיגן מאָגן ?

86 — מיט וואָס פאַר אַ בלייפעדער קען מען שרייבן צום בעסטן ?

87 — מיט וואָס קען מען אָנפילן אַ טונכל אַזוי אַז עס זאָל ווערן נאָך לייכטער ווי פריער אָן דעם ?

88 — וואָס איז שווערער צו טראָגן, איין זאַק מיט מעל אָדער צוויי זעק?

89 — וועלכע פרוי אין די פערציגער יאָרן וועגט צום מערסטן?

90 — ווען הערט־אויף אַן עפּל צו פאַלן פון בוים?

91 — מיט וואָס באַשיצן זיך די עסקימאָזן קעגן די איבערפאַלן פון די ווילדע האָטענטאָטן?

92 — פון וואַנען איז געדרונגען אַז עס קומט אַן זייער שווער חתונה צו מאַכן אַ טאָכטער?

93 — פאַרוואָס טראָגן פרויען מער ניט זייערע פוטער־מאַנטלען מיט די עקלעך, ווי ס'איז געווען די מאָדע?

94 — וואָס איז דאָס, וואָס איז געווען מאָרגן און וועט זיין נעכטן?

95 — וואָס פאַר אַ פערל איז רויט און מען קען אים עסן?

96 — פאַרוואָס טראָגט אַ סאָלדאַט בלאַנקע קנעפּ?

97 — דריי דאָקטוירים זיינען געגאַנגען אונטער איין רעגנשירעם און זיינען ניט באַרעגנט געוואָרן. ווי אַזוי?

98 — פון וואָס פאַר אַ וואָרט פון אַכט בוכשטאַבן קענט איר אַראָפּ־נעמען פינף און עס זאָל אַלץ בלייבן אַכט?

99 — וואו שטייט געשריבן, אַז זין זיינען אַ ברכה פאַר עלטערן און טעכטער זיינען פאַר זיי אַ קללה?

100 — פאַרוואָס איז אוממעגליך אויסצוקערן אַ צימער?

101 — פאַרוואָס זיינען אַ פּאָר זאָקן געגליכן צו אַן אייזן־קראַם?

102 — וואָס ווערט אַ מאַטראָז ווען ער שפּרינגט אַריין אין וואַסער?

103 — אין וועלכן חודש פון יאָר עסט מען ווייניגער?

104 — פאַר וואָס דאַווענט מען מנחה?

105 — „דו ביזט טאַקע מיין זון, אָבער איך בין ניט דיין פאָטער" — ווי אַזוי?

106 — פאַרוואָס מאַכט אַ האָן צו די אויגן ווען ער קרייט?

107 — וואָס מאַכט גרעסערע קולות ווי אַ חזיר ווען ער שפּאַרט זיך איין אין אַ פּלאַנקן?

108 — וואָס האָט אַ קאַץ אַזוינס וואָס קיין אַנדער חיה האָט ניט?

109 — מיט וואָס פאַנגט זיך אָן קריגערייַ?

110 — וואָס איז דאָס, וואָס אַ געוויינלעכער מענש זעט עס אַלע

טאָג און אַ גרויסער פילאָזאָף זעט עס זעלטן, אָבער גאָט אַליין זעט עס קיינמאָל ניט ?

111 — אויב איר זייט אַ גרויסער עסער, וויפיל אייער קענט איר אויפעסן אויף אַ ליידיגן מאָגן ?

112 — וואָס טוט אַ האָן ווען ער שטעלט זיך אויף איין פוס ?

113 — עס האָט פיר פיס און קען פליען ווי אַ פויגל, וואָס איז דאָס ?

114 — פאַרוואָס דענקט מען, אַז פרויען פאַרלירן ניט די האָר אַזוי שנעל ווי מענער ?

115 — וואָס איז די בעסטע זאַך פאַר אַ פליך ?

116 — פאַרוואָס גייט אַ חתן צו דער חופּה ?

117 — ווען גייט אַ פרוי, כאָטש זי בלייבט אויף איר פּלאַץ ?

118 — וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פריער, עלענבויגנס אָדער קני ?

119 — וואָס איז דער סוף פון גנב און דער אָנהייב פון באַפרייאונג ?

120 — פאַרוואָס איז די הייראַט געגליכן צו אַ באַלאַגערטער פעסטונג אין אַ מלחמה ?

121 — פאַרוואָס קויפן מיר לייכטע קליידער פאַר דעם זומער ?

122 — צו וואָס איז אַ האַלבער עפּל ענליך צום מערסטן ?

123 — וועלכע בעמען זיינען די גאַנגבאַרסטע אין דער היינטיגער געזעלשאַפט ?

124 — און וועלכע נעמען זיינען אומגעווינשט ?

125 — ווען איז מען מוחל אַן אנשטענדיגער מיידל וואָס פאַרלירט איר גוטן נאָמען ?

126 — ווען איז אַ קינד ניט קיין זון צום אייגענעם טאַטן ?

127 — אויף אַן אייזערנער טיר האָט אַ שיכור אַ שטאַרקן זעץ געטאָן אַ רויע איי און זי איז געבליבן גאַנץ. איז דאָס מעגליך ?

128 — ווען ער פאַלט זעען אַלע, אָבער ווען ער הייבט זיך אויף און פאַרשווינדט זעט קיינער ניט. ווער אָדער וואָס איז דאָס ?

129 — וואָס פאַר אַ פּלאַן קען פאַרפירן דעם קליגסטן מענשן ?

130 — ווען איז אַ מאַן געצוואונגען צו האַלטן זיין וואָרט ?

131 — וויפיל ציגל, אומגעפער, גייען צו אַן אַלט־מאָדישן בנין ?

132 — וואָס איז דער אונטערשיד פון די בייע ווייסע פעני ביז אַ זילבערנעם דאַים ?

133 — אַ בוטשער (קצב) וואָס איז 6 פוס מיט 2 צאָל די הויך און 2 פוס די ברייט. וואָס וועגט ער?

134 — ווי אַזוי קען מען צושטעלן צוויי ציפער צו אַ 2 און עס זאָל אײַנגאַנצן באַטרעפן ווייניקער פון 3?

135 — אַ פרוי האָט פינף קינדער און פונקט אַ העלפט פון זיי זײַנען ייִנגלעך. וואָס זײַנען די איבעריקע, ייִנגלעך אָדער מיידלעך? (לייגט צו קאָפּ).

136 — פאַרוואָס זײַנען די טעג פון זומער לאַנג און פון ווינטער קורץ?

137 — עס איז גרויס ווי אַ ציג, האָט אַ ציגן בערדל, צושפּאָלטענע נעגל, און מעקעט ווי אַ ציג, אָבער קיין ציג איז דאָס ניט. וואָס דען איז דאָס?

138 — וואָס איז דער אָנהייב פון סוף און דער סוף פון אָנהייב?

139 — מיט וואָס קען אַ פּראָסט העלפן צו אַ צדקה קאַמפּיין?

140 — וואָס איז דער אונטערשיד פון דער לבנה ביז אַ שיכור?

141 — אַ קאַטשקע, אַ בריה, איז געשווואומען אין טייך און אַ קאַץ איז געזעסן אויף איר עק. ווי אַזוי?

142 — וואָס פאַר אַ מאָטיוו באַוועגט געוויסע מענשן אַרומצורייזן?

143 — פאַרוואָס האָבן די דייטשן געהונגערט אין דער גרויסער וועלט־מלחמה?

144 — וואָס איז דער אונטערשיד פון אַ 15 יעריקן ייִנגל ביז אַ 50 יעריקן אַלטן בחור?

145 — וואָס פאַר אַ וואָרט קען אַרויסגערעדט ווערן שנעלער ווען עס ווערן צו אים צוגעגעבן נאָך צוויי אותיות?

146 — פאַרוואָס ווערן אַ מאַנ׳ס האָר גרוי גיכער ווי זײַנע וואָנצן?

147 — וואָס מער איר נעמט פון איר אַוועק אַלץ גרעסער ווערט זי. ווער אָדער וואָס איז דאָס?

148 — מיט וועלכן טינט קען מען שרײַבן בעסער, מיט בלויען אָדער מיט רויטן?

149 — פאַרוואָס זײַנען די געדאַנקען פון אַ פרוי פיל ריינער ווי די געדאַנקען פון אַ מאַן.

150 — מיט וועלכן וויץ ענדיגט זיך אַ בוך פון הומאָר?

# ענטפערס

פון 1 ביז 50, אויסגעמישט.

21 — ברעקפעסט (פרישטיק).

32 — פון אַ ליידיגער.

7 — אַ פאַרשפּרעכן.

43 — אויף דער אויסערליכער זייט.

11 — ווייל מען קען דאָס ניט עסן.

2 — דער וואָס האָט דאָרט די גרעסטע פיס.

17 — אַזוי מאַכט מען דאָך טאָקע.

39 — דער צווייטער קומט צום (צו דעם) ערשטן.

13 — פאַר אַ גאַנצן דאָך דאַרף מען גאָרניט קיין בלעכן.

1 — פרייליכקייטן.

34 — ער דאַרף זיין טוידט.

9 — אַ קאַטער.

14 — דער שנאָבל פון אַ האָן.

25 — דאָס איז אַ טיש. ער איז אויף פיר פיס, און אַזוי הויך ווי דער אייפל טורעם קען פליען אַזוי קען דער טיש פליען...

33 — דער „איינער" איז געווען אַ אינגל און „די צווייטע" אַ מיידל.

5 — זיבן מיט אַכט איז פופצן.

23 — אַ פלאַש וויין.

40 — איין האָז (דער דערשאָסענער) איז געבליבן. די אַנדערע זיינען זיך צולאָפן.

12 — אַ „ל".

41 — אַ נאָמען.

50 — אַ פערטל צו צוויי.

6 — אַ סאָלדאַט הרג'עט ווען ער טרעפט; אַ דאָקטאָר — ווען ער טרעפט ניט.

24 — ער טוט זיך אָן.

3 — פאַר דעם עסן.

10 — ווען ער איז וויים ווי שניי און פרעסט...

16 — אַ מוטיגער.
47 — דעם צווייטן יאַנואַר (דאַן איז פאַראַן צוויי טעג אין יאָר און אַזוי פיל אויגן האָט אַ באַשעפעניש).
8 — ווייל זי וויל זיין אויף דער אַנדערער זייט.
4 — פאַר'ן הענטל.
45 — זי איז אייער מוטער.
22 — אַ מילך הענדלער.
36 — ניין, דאָס קען ניט זיין. ווייל מיט'ן דריטן מאָל אַריבער־שווימען בלייבט ער דאָך אויף יענער זייט טייך נאַקעט, טאָ ווי קען ער אַזוי גיין אין רעסטאָראַן ?
19 — ער האָט דאַן געהייסן אַזוי ווי ער הייסט איצט : פריינקלין דעלײַנאָ רוזוועלט.
44 — ווייל יעדער איינער מוז דאָס אויפגעבן.
20 — אַ נאַסן.
27 — ווען ער טראָגט אַ יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ.
31 — אַ דאַים מיט אַ ניקל (די „איין מטבע ניט קיין ניקל" איז דאָך טאַקע דער דאַים).
48 — ווען מען איז הונגעריג.
28 — ווען מען קריגט אַ ביס פון אַ הונט.
15 — די צייט.
30 — דאָס לעבן.
38 — אַ באַרבער.
29 — ווען מען געפינט דאָרט אַ האַלבן וואָרעם...
42 — מיט דעם וואָס איבערביידן קען מען זיך אויסגליטשן.
26 — אַ נעביכל.
46 — ראש השנה, ווען מען וויל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר.
18 — אַ „ש".
49 — אַ פערד האָט פיר פיס, אָבער קיין פערד האָט פינף.
35 — אויף אַ שליוואָוויץ.

פון 51 ביז 100, אויסגעמישט.

62 — ער איז געגאַנגען אויף זיין ניינצענטן.

78 — ווייל זי ווערט געהאַלטן מערסטנס אויף אייז.
53 — אַ פאַרשפּרעכן.
85 — ווייל אויף פּאַפּיר שרייבט זיך בעסער.
98 — „פאַרטראַכט".
60 — ווייל זיי ליגן ניט אַזוי „לאַנג" אין בעט.
76 — דער ציפער 6.
51 — חובות.
82 — אַן אַ סוף (תיו) וואָלט ער געווען מיט איין אות קירצער.
96 — צו פאַרשפּילענען זיין ראַק.
66 — אַ „מ".
54 — גאָרנישט.
84 — צוויי טאַבלעטן.
97 — עס האָט דאָן ניט גערעגנט.
70 — אים צו ציען אָדער פאַר אָדער.
52 — אייער אָטעם.
80 — היץ איז שנעלער, ווייל אַ „קאַלט" קען מען „כאַפּן" און היץ ניט.
75 — ווייל ער איז טויט.
57 — ווייל זי האָט אַ צדיק אין מיטן.
87 — מיט לעכער.
92 — פון דעם וואָס איר פאָטער ווערט דורך דעם אויף אייביג באַטיטלט מיט דעם נאָמען „שווער".
55 — צוויי: אַן אינעווייניגסטע און אַן אויסווייניגסטע.
81 — אויף איר קאָפּ.
88 — געוויס איז איין זאַק מיט מעל פיל שווערער ווי צוויי זעק (ליידיגע).
99 — אין ערגעץ ניט.
68 — אין אַ ווערטער־בוך.
56 — ווייל ער איז אַרויס פון קאָפּ.
37 — ווייל ער האָט געהייסן אַזוי.
86 — מיט יעדן בלייפעדער קען מען שרייבן „צום בעסטן".

59 — וויילביידע דערשיינען נאָר דאַן ווען דער שטורעם איז שוין אַריבער.

100 — מען קען פון אַ צימער אַלצדינג אויסקערן אָבער ניט דעם צימער גופא.

73 — „היי״.

58 — ווייל זיי זיינען דאָך מער.

77 — אַן עצה.

91 — די עסקימאָזן, ניט ווייט פון קאַלטן נאָרדפּאָל, ווערן ניט באַפאַלן פון די האָטענטאָטן וועלכע לעבן אין אַ הייסן טייל פון אַפריקאַ.

67 — גאָרנישט.

89 — די שווערסטע.

79 — אַ שער.

61 — ווייל ער גייט פון מויל צו מויל.

90 — ווען ער ליגט שוין אויף דער ערד.

93 — ווייל ס'איז געווען עקל־האַפּט.

72 — פון אַן איינפאַל.

63 — ווייל צוביידן פאָדערן זיך לאַטקעס.

95 — אַ וויינפערל.

69 — פאַר דעם באַרבער.

74 — ווען דאָס וואַסער איז פאַרפראָרן.

65 — ער דאַרף צוזאַמענשטעלן אַ קאַבינעט.

83 — אַ זייגער.

71 — ווען איינער איז גוט אויף צרות.

94 — היינטיגער טאָג (איז, נעכטן, געווען „מאָרגן״ און וועט, מאָרגן, זיין „נעכטן״).

64 — אַ הונט קען האָבן פליגן אָבער אַ פליג קען ניט האָבן קיין הינט.

פון 101 ביז 150, אויסגעמישט.

131 — קיין איינער ניט. מען דאַרף זיי אַלע טראָגן.

102 — ער ווערט נאַס.

122 — צום צווייטן האַלבן.

142 — אַ לאָקאָמאָטיוו.

106 — ווייל ער קען שוין דאָס אויסווייניג.

128 — אַ שניי.

149 — ווייל זי בייט זיי אַזוי אָפּט.

105 — דאָס האָט געזאָגט אַ מוטער.

141 — די קאַץ איז געזעסן אויף איר אייגענעם עק.

108 — קעצעלעך.

133 — ער וועגט פלייש.

124 — באַנעמען, אויפנעמען, און איינגעמען...

145 — „שנעל" (שנעל־ער).

104 — פאַר מעריב.

130 — ווען קיינער וויל עס ניט נעמען.

103 — אין פעברואַר, וואָס האָט ווייניגער טעג.

132 — ניין סענט.

148 — מיט יעדן סאָרט טינט קען מען שרייבן „בעסער".

101 — ווייל זיי האַלטן בעגל.

125 — ווען זי בייט אים אום אויף אַן אַנדער נאָמען דורך איר חתונה.

111 — בלויז איין איי (די ערשטע), די איבעריגע קומען שוין ניט אויף קיין ליידיגן מאָגן.

127 — געוויס. אַן איי קען קיין אייזערנע טיר ניט צוברעכן.

147 — אַ גרוב.

110 — זיינס גלייכן.

126 — ווען דאָס קינד איז אַ מיידל.

129 — אַן עראָפּלאַן.

150 — מיט דעם לעצטן.

119 — אַ „ב".

146 — ווייל זיי זיינען מיט אַ 20־21 יאָר עלטער פאַר די וואָנצן.

107 — ווען צוויי חזרים שפּאַרן זיך איין אַזוי.

135 — אַלע פינף זיינען אינגלעך. (אַ העלפט פון פינף איז צוויי־און־אַ־האַלב. אַז אַ העלפט פון דריטן קינד איז דעריבער אַ אינגל, איז ער דאָך „אינגאַנצן״ אַ אינגל. אָבער דריי אינגלעך איז דאָך ניט קיין העלפט פון פינף. פאַרשטייען מיר דערפון, אַז די איבעריגע זיינען אויך אינגלעך — און דער חשבון שטימט.

139 — עס מאַכט מענשן אַריינשטעקן די הענט אין די קעשענעס . . .

117 — ווען זי גייט צו קינד.

112 — ער הייבט אויף די צווייטע פוס.

138 — דער אָנהייב פון „סוף״ איז אַ „ס״, און דער סוף פון „אָנהייב״ איז אַ „ב״.

113 — אַ טויבן־פּאָר.

144 — 35 יאָר.

118 — קני (ווייל חיות, וואָס האָבן נאָר קני און ניט קיין עלענ־בויגנס, זיינען דאָך באַשאַפן געוואָרן פריער פאַר דעם מענשן).

140 — די לבנה איז פול נאָר איין מאָל אַ חודש, און אַ שיכור איז פול יעדע נאַכט.

109 — מיט אַ „ק״.

116 — ווייל די חופה קען ניט גיין צו אים.

136 — ווייל אין היץ ווערט יעדע זאַך אויסגעצויגן און אין קעלט איינגעשרומפּן.

120 — ווייל די וואָס זיינען אינעווייניג ווילן אַרויס און די וואָס זיינען אויסווייניג ווילן אַריין.

134 — אָט אַזוי : 2½.

114 — ווייל זיי טראָגן די האָר אַ סך „לייגנער״ ווי די מענער.

123 — צונעמען, פאַרנעמען, און איבערנעמען.

137 — אַ באָק.

115 — אַ סך האָר.

143 — ווייל די אַליאירטע אַרמייען האָבן אינגאַנצן פאַרניכטעט זייער עסן . . . (די שטאָדט פון די קרופּ געווער פאַבריקן).

121 — ווייל מיר קענען זיי ניט קריגן אומזיסט.

# ענגליש־אידישע ווערטער פאַרטייטשט

ענגליש־אידישע ווערטער, וועלכע ווערן בויטיגערווייז געברויכט אין דעם בוך, לויט אַנגעוויזן אין דעם פאָרוואָרט, זייט 7, האָב איך דאָ איבערגעגעבן אין אַלפאַבעטישער אָרדענונג און פאַרטייטשט. אין אַנדערע פאַלן, וואו עס איז נאָר פאַסיג געווען, זיינען אין דעם בוך אַזעלכע ווערטער פאַרטייטשט געוואָרן אויפ'ן פלאַץ.

די ווערטער וועלכע האָבן מער ווי איין אויסטייטשונג ווערן דאָ פאַרטייטשט בלויז אין דעם זין ווי זיי ווערן פאַרשטאַנען אין די באַטרעפענדיגע פלעצער. דאָס האָב איך, פאַרשטייט זיך, געטאָן פאַר דער אינפאָרמאַציע און באַקוועמליכקייט פון די אויסלענדישע לייענער.

ל. מ.

---

אַדווערטייזמענט — אַנאָנס, רעקלאַמע.
אַטענדעט — באַהאַנדלט, באַדינט.
אייז־באַקס — אייז־קאַסטן, אייז אַלמער.
אייז־קרים סאָדע — אייז־קרעם געטראַנק.
אינשורענס — פאַרזיכערונג, פאַרסטראַכירונג.
איסט סאַיד — מזרח זייט (אידישע געגנט אין ניו יאָרק).
אַלאַרם — אַ לאַרעם, טרעוואָגע.
אַלימאָני — שטיצע וואָס אַ מאַן צאָלט זיין פרוי ווען צושיידט אָבער ניט גע'גט.
אָלסער — געשוויר, אַ מכה.
אָלרייט — רעכט, גוט.
אַמבולאַנס — אַמבולאַנץ, אַ קראַנקן־וואָגן.
אָפּטישאַן — אַן אָפּטיקער.
אַפּיל, אַפּיעל — אויפרוף, אַפּעלירונג.
אָפּיס — קאַנטאָר.
באָי — אינגל, בחור'ל.
באָס — אָמניבוס.
באַרבער — צירולניק, פריזירער.
באַרגיין — אַ מציאה.
באָרד אָוו העלטה — געזונטהייטס־ראַט.
באָרד אָוו עדיוקיישאַן — בילדונגס־ראַט.
באָרדוואָק — אַ שפּאַציר־וועג ביים ים.
בוק קיים — ביכער־אַלמער.
ביוטי — שיינקייט.
ביזנעס — געשעפט, האַנדל.
ביזנעסמאַן — אַ געשעפטסמאַן.
בייבי — קליין קינד.
ביל — פּאַפּיר־געלט, אַ רעכענונג.
בעג — פּאַפּירן בייטל, אַ זעקל.
בענטש — אַ באַנק.
גוד באַי — זיי געזונט, אַדיע.
דאַים — אַ צען־סענט שטיק.
דאַיס — ווירפל־שפּיל פאַר געלט.
דזשאָב — אַרבייט, שטעלע.
דזשועלערי — צירונג.
דזשענטלמאַן — אַ הער, אַן אוידעלער מענש.
דיאַביטיס — צוקער־קראַנקהייט.
דינער — מיטאָג, וואַרעמעס.
דיספּענסערי — פרייער קליניק.

דראַג־סטאָר — אַפּטייק.
דראַגיסט — אַפּטייקער.
דרעסמייקער — שניידעריז, קליידער־נייעריז.
דרעפט — רעקרוטירונג פון סאָלדאַטן.
האָלסייל — הורטאָווער האַנדל.
וואָוטן — שטימען אין וואַלן.
וואַטשן — אַכטונג געבן, אָפּהיטן.
ווייקיישאַן — וואַקאַציע, אָפּרו.
וועיטער — קעלנער.
טייבל — טיש.
טעקסי—אַטאָמאָביל פאַר פּאַסאַזשירן.
טראָבל — שוועריגקייטן, פּלאָגעניש.
טריין — צוג, אַ באַן.
טריק — קונץ, המצאה אָפּצונאַרן.
טרעמפּ — אַרומשלעפּער, בראָדיאַגע.
טרענטש — טראַנשעי, אַ פעסטונג־גרוב אין מלחמה.
טשעק — אַ באַנק־אַנווייזונג.
טשער — אַ שטול.
יעס, יור האָנאַר — יאָ, אייער כבוד.
לאָיער — אַדוואָקאַט.
לענדלאָרד — הויז־אייגנטימער.
לעקטשור — לעקציע, פאָרטראַג.
לעקטשורן — פאָרטראָגן אַ לעקציע.
מאַסקיטאָס — קאָמאַרן.
מערידזש לייסענס — אַ דערלויבעניש־שיין צו חתונה האָבן.
נוירס — ווערטעריז, דאָקטאָר'ס געהילף.
ניקל — פינף־סענט שטיק.
נעקסט דאָר — די וואוינונג פון שכן.
סאַלון — אַ שיינק, אַ טראַקטיר.
סאַקריפייס — אָפּפער, אַ קרבן.
סטאָר — אַ קראָם.
סטאַרקיפּער — קרעמער.
סטיישאַן — סטאַנציע, אַ ראַדיאָ אַנשטאַלט.
סטעיט — שטאַט (אַמעריקאַנער „גובערניע")
סטעמפּס — פּאָסט מאַרקעס.

סטענד — אַ געשטעל פאַר סחורה.
סטריט — גאַס.
סיטי — שטאָדט.
סיילסמאַן — פאַרקויפער אין אַ געשעפט.
עוועניו — אַלעע, אַ ברייטע גאַס.
פּאַור־קאַוט — פוטער־מאַנטל.
פּאָליסמאַן — פּאָליציאַנט.
פּאָקעט־בוק — האַנטבייטל פון פרויען.
פאָרמאַן — הויפּט־מייסטער אין אַ פאַבריק.
פאַרמער — אַ דאָרפסמאַן, אַ פויער.
פאַרניטשור — מעבל.
פיוריטי — ריינקייט.
פלאָר — גאָרן, עטאַזש, שטאָק.
פּעדלער — קאָראָבעלניק, הויזירער.
פראָנט רום — הויפּט צימער, אַ זאַל.
פריזאָן — טורמע, קאַרצער.
קאָל — טעלעפאָן געשפרעך.
קאָלום — רובריק.
קאָמפאָרט — באַקוועמליכקייט.
קאָמפּיין — פּאָליטישער וואַל־קאַמף.
קאָנטרי — לאַנד, פּראָווינץ, זומער־פּלאַץ.
קאָני איילאַנד — אַמוזירונגס־אינזל ביי ניו יאָרק.
קאָנסאָמפּשאָן — שווינדזוכט, אויסצערונג.
קאַסטאָמער — קונד, קונה.
קאַר — וואָגן, אָטאָמאָביל.
קאַר־פער — פאָר־געלט.
קאָרט — געריכט.
קאָרנער — ראָג, גאַס־ווינקל.
קאַרפּענטער — סטאָליער.
קוואָדער — אַ 25־סענט שטיק.
קוירנעל — פּאָלקאָווניק.
ראַיד — אויספאָר, יאַזדע.
רעסיפּי — פאַרשריפט פאַר צוגרייטן שפייז.
שייוו — אָפּגאָלן, אָפּראַזירן.

# אינהאַלט



## טשיקאַווע אַנעקדאָטן — גרופּע „חכמה און קאָמיזם“.



## טשיקאַווע אַנעקדאָטן.

## דערציילערישע וויצן.

●


צו באַקומען ביי די אַרויסגעבער:

BOOKFOLK PUBLISHING CO.
112 E. 19th St., New York 3, N. Y.

הויפּטפאַרקויף פאַר בוכהענדלער:

MAX N. MAISEL
424 Grand St., New York 2, N. Y.

266

# נאָכוואָרט צום לייענער

ווען איר קומט צו די־דאָזיגע שורות — נאָכדעם ווי איר האָט שוין דעם גאַנצן בוך „פרייליכקייטן" דורכגעלייענט, דורכגעטראַכט און באַכגעטראַכט — פילט איר זיך, האָפן מיר, באַפרידיגט און אָנגעזעטיגט מיט אַ נאַרהאַפטיג פריילעכן שפּייז, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר דעם גייסטיגן וואוילשטאַנד — און, ווי דאָקטוירים זאָגן, אויך פאַר דעם קערפּערליכן וואוילזיין.

דאָס בוך האָט באַרייכערט אייער רעזערוו פון הומאָר, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר יעדן איינעם צו מאַכן זיין פּערזענליכקייט אנגענעם און ווילקאָמען צווישן מענשן. אַ גוטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם אינהאַלט פון בוך רעגיסטרירט אין אייער זכרון אַ גרויסן אויסוואַל פון זעלטענע אַנעקדאָטן און שאַרפזיניגע וויצן אין פאַר־שידענע פאָרמען, וועלכע איר קענט ביי יעדער פּאַסיגער געלעגנהייט „פאַרקויפן" פאַר אַ גוטן אַפּלאָז אָדער סתם דאַנקבאַרקייט. איר קענט מיט דעם מאַטעריאַל (און פערזענליכער פעהיגקייט) שאַפן אַרום זיך אַזאַ גוטע שטימונג און אנגענעמע אַטמאָספערע, וואָס איז ווערט גאָרניט אָפּצושאַצן.

דערפאַר ווילן מיר אייך בעטן, אַז איר זאָלט אייער דער־פאַרונג זיך טיילן מיט אייערע פריינט. זאָלן זיי אויך וויסן פון דעם בוך און זאָלן זיי אויך געניסן פון זיין קוואַל. איר וועט דורך דעם פאַרדינען אַ קולטורעלע מצוה און די דאַנקבאַרקייט סאַי פון אייערע פריינט און סאַי פון אונז אַליין.

**פאַרלאַג בוכפאַלק**

"Laugh, and the world laughs with you"

# FREILICHKEITEN

(Cheerfulness)

## GEMS OF WIT AND HUMOR

By

LAZARUS MONFRIED



BOOKFOLK PUBLISHING CO.

112 East 19th St., New York 3, N. Y.